איציק קיפּניס

# אונטערוועגנס

## און אַנדערע דערציילונגען

# איציק קיפּניס

# אונטערוועגנס

## און אנדערע דערציילונגען

איקוף פארלאג

ניו יאָרק

ITZIK KIPNIS

# UNTERVEGNS
# UN ANDERE DERTZEILUNGEN

## (ON THE ROAD AND OTHER SHORT STORIES)

Published by the
Yiddisher Kultur Farband (YKUF)
189 Second Avenue
New York 3, N. Y.



שער-בלאַט געצייכנט דורך י. זעלדין

Printed by
GRENICH PRINTING CORP.
151 West 25th Street
New York 1, N. Y.
166

# אינהאַלט



## אוטערוועגנס



## אַנדערע דערציילונגען

# איציק קיפּנים

.1

איציק קיפּניס איז געווען דער אָנגעלייגטער בן־זקונים, דאָס מוזיניקל, אין דער יונגער שרייבער־משפּחה פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך ראַשיק אָנגעהויבן פאַנאַנדערוואַקסן אין 1917 גלייך נאָך דער באַפרייאונג פונעם צאַרישן רוסלאַנד. ער איז געווען באַזונדערס אָנגעלייגט אין דער דעמאָלסדיקער יידישער ליטעראַטור, ווייל ער איז געווען איינער פון די ערשטע דערציילער־פּראָזאַאיקער אין דער פריילעך־צעזונגענער מחנה יונגע דיכטער פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. ווי באַקאַנט, זיינען אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָך פעברואַר 1917 געקומען איינער נאָכן אַנדערן די דיכטער י. דאָברושין, אשר שוואַרצמאַן, דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש, ש. ראָסין, ל. רעזניק, און באַלד נאָך זיי — א. קושניראָוו, ע. פינינבערג, איציק פעפער, א. וועלעדניצקי, מ. שאַפּיראָ, מ. כאַשטשעוואַצקי, אַ. שויכעט, ז. אַקסעלראָד, ש. האַלקין, אַ. ראַדין, איזי כאַריק. דוד האָפשטיין מיט זיין לידער־בוך „ביי וועגן", לייב קוויטקאָ מיט זיין „טריט", פּרץ מאַרקיש — מיט „שוועלן", זיינען שוין געווען די גרונט־לייגער, די יונגע „קלאַסיקער" פונעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, און די אַלע איבעריקע, וואָס זיינען געקומען מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, האָבן געהערט צו דעם „צווייטן דור", נאָכוואוקס. האָט טאַקע פּרץ מאַרקיש, וועלכער האָט דאַן געלעבט אין פּוילן, פריידיק און פאָטערלעך באַגעגנט דעם „נאָכוואוקס", און ווי אַן עלטערער, איז ער געווען צופרידן פון די יונגע, פון די „בני נביאים" און מיט באַגייסטערונג איז פּרץ מאַרקיש זיי אַרויס אַנטקעגן מיט אַ „ברוכים הבאים". אין אַן אַרטיקל („ביכער וועלט", וואַרשע, 1922) האָט מאַרקיש געשריבן אויף זיין באַפליגלטן לשון: „גרוסן פון אוקראַינע... ווידערוואוקס .. אָט אַזוי רייסט ער זיך דער שבט ווידערוואוקס פון צווישן דריקנדיקע חורבות, פון צווישן שטיקנדיקע אַשן... מיט פריידדאָרשטיקע צעשטרעקטע הענט".

צווישן די יונגע צעזונגענע דיכטער האָט זיך אומבאַמערקט אַרויסגערוקט אַ שטילער, באַשיידענער יונגערמאַן פונעם שטעטל סלאָוועשנע ביי אָוורוטש (וואָלין), און אין דעם אַלגעמיינעם יונגן אָרקעסטער איז ער זיך געקומען מיט זיין אייגענעם אינסטרומענט און גענומען שפּילן און אויס־

שפּילן אייגענע, אייגנאַרטיקע מעלאָדיעס. שוין נישט קיין לידער, ווי עס איז געווען דאַן אָנגענומען, נאָר גאָר פּראָזע, שילדערונגען, דערציילונגען, וועלכע האָבן זיך כּלל נישט אַריינגעפּאַסט מיט זייער שטיל־עלעגישן טאָן, מיט זייער פּשטות אין דעם דעמאָלסדיקן רוישיק־ראַשיקן געזאַנג.

ווי אַלע אָנפאַנגער האָט אויך איציק קיפּניס געשטעלט פאַרזיכטיק זיינע ערשטע טריט, געזוכט פאָרם און פּאַמעלעך געגומען אַריינוואַקסן אין דער נייער סביבה. א. קושניראָוו האָט אַמאָל געשריבן וועגן זיין חבר און פריינט ש. ראָסין: „... מיר זיינען דעמאָלט (אַרום 1920 — נ. מ.) כמעט אַלע נאָך געווען אָנפאַנגער און, מען דאַרף מודה זיין, נישט איבעריק רייך איז געווען דער פאַרמעגן פון אונדזערע קענטענישן. יאָ, מיר זיינען געקומען ניט פון גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן. די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט נאָר־וואָס געעפנט פאַר אונדז דעם וועג נישט נאָר צו דער ליטעראַטור, נאָר אויך צו בילדונג אין פּשוטן זין פון וואָרט. אונדז איז פאַרגעשטאַנען אומדערמידלעך אויסצונוצן די גרויסע מעגלעכקייט: זיך לערנען און נאָכאַמאָל לערנען, כּדי אָנצויאָגן דאָס, וואָס מיר האָבן ניט געקאָנט באַקומען אין אונדזער יוגנט. דערווייל איז אונדזער שאַפערישע אַרבעט דעמאָלט געווען אויסגעשטעלט מערער אויף אונדזער אינערלעכן געזונטן געפיל און אינטואיציע".

דאָס וואָס א. קושניראָוו האָט געזאָגט וועגן דעם דיכטער ש. ראָסין, איז געווען אויך אָנגעמאָסטן אויף אַנדערע און — אויך אויף איציק קיפּניסן. אָבער גרינגער איז אין יענער שטורמישער צייט געווען די דיכטער, וואָס דאָס רוישיקע לעבן האָט זיי צוגעשטעלט פיל אויפרייס־און אויפרייך־שטאָף, און פיל שווערער איז געווען דער וועג פאַר דעם דערציילער. ס'איז דאָך באַקאַנט, אַז אפילו די באַוואוסטע יידישע פּראָזאאיקער האָבן אין דעם „שטורעם און דראַנג־פּעריאָד" זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט, נישט געקאָנט יאָגן און נאָכיאָגן די אויפברויזנדיקע געשעענישן און זיי אַריינפּאַסן אין פּראָזע־ראַמען.

איציק קיפּניס איז אַריינגעפאַלן פון זיין קליין שטעטל קיין קיעוו אין דער סאַמע הייסער צייט בעת דעם האַסטיקן פונאַנדערוואוקס פון דער יונגער דיכטונג, און באַזאַכט און באַדאַכט און בהדרגה (שטופנווייז) האָט ער אַריינגעדרונגען אין דער שרייבער־משפּחה ווי אַ דערציילער. ער האָט גענומען פאַרעפנטלעכן זיינע אייגענע באַשרייבונגען, שילדערונגען אין די פאַרשיידענע אויסגאַבעס.

אין דער דערציילונג „אונטערוועגנס", וואָס איז פול מיט ביאָגראַפישע און אויטאָפּאָרטרעטישע פּרטים, ווי אויך מיט גאַנץ־שאַרפע זעלבסט־קריטישע באַמערקונגען און אָפענע טאַדלונגען פון זיינע אייגענע שוואַכקייטן, ווערט געגוי געשילדערט איציק קיפּניסעס קומען פון זיין היימשטעטל

סלאָוועשנע קיין קיעוו. זיכער זיינען אין זיינע אַנדערע דערציילונגען, וואָס נישט אַלע האָבן מיר אונטער דער האַנט, פאַראַן פיל איינצלהייטן וועגן זיין ווייטערדיקן לעבן אין קיעוו.

אויך איציק קיפּניס האָט נישט געקאָנט אָפּשטיין פון די אַלע יונגע שרייבער און ער האָט אויך לכתחילה גענומען שרייבן לידער.

2.

זיין ערשטלינג־ביכל — „אָקסן", 1921־1922, (24 זייטן) — וואָס איז דערשינען אין קיעוו אין 1923, איז אַ זאַמלונג לידער. עס איז געטיילט אויף: „רעגן־שטויב" און „פרייד". לייכטע, שפּילעווודיקע, שטיפערישע לידער. דאָס ביכל, ווי די ליטעראַרישע וועלט פון איציק קיפּניס, עפנט זיך, הויבט זיך אָן מיט אַ ליד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יונגן (און אויך עלטערן) קיפּניס:

„באַגריסט האָט מיך טאָג היינט
מיט זון,
און דערפילט האָב איך:
עפּעס איך בין!
און גאַס איז אַרום מיר אַנטקעגן
מיט מענטשן געשפּאַנטע אין וועגן,
מיט זיילן, וואָס בינדן די ווייטן אין דראָט,
מיט שטעלן,
מיט פורן,
מיט רעש,
מיט שטאָט.

גיי איך מיט טאָג,
מיט גאַס און מיט זון —
עפּעס איך בין!"

דאָס דאָזיקע ליד, און די איבעריקע לידער אין ביכל, איז דער צינז, וואָס איציק קיפּניס האָט געצאָלט, און אָפּגעצאָלט, דער שטורמישער צייט. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט מיטן פּנים צו... זיך, צו זיין אייגענער וועלט, צו זיין היים און סביבה.

ערשט זיין פּראָזע־בוך „חדשים און טעג", וואָס איז דערשינען אין קיעוו, אינעם פאַרלאַג „קולטור־ליגע", אין יאָר 1926, האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די לייענער און קריטיקער, סיי אין סאָוועטנפאַרבאַנד און סיי אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט, אין פּוילן און אין אַמעריקע.

דאָס בוך „חדשים און טעג" עפנט זיך מיט אַן אינטערעסאַנטן און זייער

כאַראַקטעריסטישן פאַר יענער צייט אַריינפיר פון י. נוסינאָוו, וואָס הייסט „אַ ווינקל פון יאָר 1919”. ער הויבט אָן זיין הקדמה: „די וועלט־ליטעראַטור ווייסט פון פיל אַזעלכע פאַלן: די נאַציע אינגאַנצן האָט שוין לאַנג געלעבט מיט אַ מאָדערנעם לעבן, און ערגעץ אַ פאַרוואָרפענע פּראָווינץ האָט נאָך געלעבט אין איר פאַרצייטיקער פאַרחלומטקייט אַ פאַרגעסענע. און פּלוצים איז געקומען פון דאָרט אַ שרייבער, וואָס האָט דערציילט, ווי זיין פאַרשלאָפענע היים האָט זיך אַ צעטומלטע אויפגעכאַפּט פון אַ פייף פון אַ ווייטן צוג און בטלט (באַטלט) אויס חלומות אויף דעם ניט־געבעטענעם גאַסט, וואָס האָט דעם היימישן ליבן דורותדיקן דרימל צעשטערט... נאָך דעם, ווי ער ברענגט אַ ביישפּיל פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור און דערמאָנט אַלפאָנס דאָדע, זאָגט ווייטער י. נוסינאָוו: „אַזאַ דערשיינונג אין אונדזער ליטעראַטור איז איציק קיפּניסעס כראָניק „חדשים און טעג”. ס'איז 1918, 1919. איבערן גאַנצן לאַנד ברענט אַ העליש פייער פון בירגער־קריג. נאָר אין סלאָוועשנע איז פרייטיק — פרייטיק... „וועגן וועלט־מלחמה, גרויסער רוסישער רעוואָ־לוציע האָט סלאָוועשנע אַזעלכע בערך פאַרשטעלונגען, ווי קאַבצאַנסק (מענ־דעלעס) האָט געהאַט וועגן מאָנטעפיאָרען מיט ניקאָלאַי דעם ערשטן...”

רעדנדיק וועגן די געפאַרן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר דעם יונגן קינסט־לער — מיטגעצויגן צו ווערן אינגאַנצן מיט סלאָוועשנע, אָדער מיטן „קאָס־רילעוווקער באַוואוסטזיין”, זאָגט י. נוסינאָוו, אַז „ער, קיפּניס, האָט די געפאַר בדרך כלל — אויסגעמיטן. און געהאָלפן האָבן אים דאָ צוויי פאַקטן: איינס, איז דער סטיל דאָ געווען אַ סך־הכל ניט פון קיין ליטעראַרישער טראַדיציע. ער איז געווען אַ פאָדערונג פון מאַטעריאַל. פאַרקערט, די לעבעדיקע ליטע־ראַרישע טראַדיציע, וואָס רינגלט אַרום קיפּניסן, האָט אים אַוועקגעצויגן פון שלום עליכמען. צוויי — און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן קיפּניסעס אינטור־איציע — קיפּניס האָט זיך ניט אַוועקגעשטעלט דיכטעריש אָן אַ זייט, און פון זיין ווינקל [האָט ער] גענומען באַוויזן סלאָוועשנער נאַאיוויטעט. ער האָט סלאָוועשנער פּאַגראָם־כראָניק געמאַכט פאַר אַ טייל פון זיין יוגנטלעכער ליבע־כראָניק” (ז"ז 5־7).

און ריכטיק גיט צו י. נוסינאָוו, אַז „דער סטיל פון בוך איז אַזוי אַרום אַן אָרגאַנישער סך־הכל פון דעם מאַטעריאַל, פון דעם צווייענדיקן כראָניק־פּרימיטיוו, און כלל נישט קיין סך־הכל פון פאַרשפּעטיקטער שלום־עליכם־נאָכמאַכעריי”.

י. נוסינאָוו מאַכט פאַרבייגייענדיק אַ באַמערקונג, אַז „אָט די בלעטלעך רעוואָלוציע־און בירגער־קריג האָבן זייערע ערשטע קינסטלערישע פאַר־צייכענונג אין אַ פּרימיטיוו געפונען... נאָר דאָס איז אַ טענה צו דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט, דרך אגב, אין פאַרענטפערן זי, און ניט קיין פאָדערונג צו קיפּניסעס כראָניק” (ז' 8).

אַזעלכע טענות האָט מען אין יענע יאָרן זייער אָפט אַרויסגעשטעלט, ווי באַוואוסט, בכלל קעגן דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע און אויך — קעגן די באַוואוסטע יידישע דערציילער.

.3

אין זלמן רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור" (באַנד 3, ווילנע 1929) האָבן מיר ביאָ־ביבליאָגראַפישע ידיעות, געשטיצט אויף זיינע, קיפּניסעס, מיטטיילונגען. מיר ווען ברענגען פון דאָרט איניקע אויסצוגן. ער איז געבוירן אין סלאָוועשנע, וואָליק, דעם 12־טן דעצעמבער 1896 (ער איז איצט אַלט 63 יאָר). זיין שטעטל איז באַוואוסט געווען מיט האַרבאַרניעס. זיין פאָטער, ער אַליין און זייערע קרובים זיינען געווען האַרבאַרס. „זיין פאָטער, נחום, אַ יודע ספר און אַ משכיל, אַ מענטש מיט אַ מוזיקאַלישן חוש, אַ ליבהאָבער פון פידל־שפּילן". „ביז בר־מצוה האָט איציק געלערנט אין חדר, אויך — ביי פּריוואַטע לערער אין דער היים". מיט קליינע איבער־רייסן האָט איציק געאַרבעט אַן אַכט יאָר ביי זיין פאָטער און אין אַנדערע גאַרבערייען אין שטעטל און אין די דערבייאיקע שטעטלעך. אַרום 1920 ווערט ער „געשיקט דורך זיין לעדער־פאַראיין קיין קיעוו זיך צו לערנען. אַ האַלב יאָר האָט ער געגעבן העברייאישע שטונדן און אַ האַלב יאָר געהאַקט האָלץ איבער די הויפן פון דער שטאָט קיעוו".

איציק קיפּניס ברענגט אַרויס אין זיינע פאַרשיידענע, פריערדיקע און שפּעטערדיקע, ווערק, זיין שטעטל, זיין סביבה, זיין פאָטער און מוטער און די משפחה. זיינע ווערק טראָגן שטענדיק אַן אויטאָביאָגראַפישן און אויטאָ־פּאָרטרעטישן כאַראַקטער. ער ברענגט אַרויס פּרטים פון זיין שטוב און שטעטל, פון זיך גופא און פון זיינע נאָענטע. אין פאַרשיידענע צייטן מאָלט ער אויף אַן אַנדער אופן זיין קינדהייט, יוגנט און זיינע דערוואַקסענע יאָרן, — אָט מיט טיפער גערירטקייט, אָט מיט אַ לייכטן הומאָר. זיין פאָטער קומט ביי אים אַרויס אַ האַרטער מענטש, אַן עקשן, מיט שטייפע דיקטאַטאָרישע שטריכן, וואָס האָט זיך באַצויגן צו די שטוב־מענטשן, צו באַקאַנטע, צו קרובים גאַנץ אכזריותדיק. אַזאַ זעען מיר דעם פאָטער נחום אויך אין זיין גרויסער דערציילונג „אונטערוועגנס", וואָס מיר דרוקן איצט פון אַ מאַ־נוסקריפּט, וועלכער געפינט זיך ביי אונדז פון די יאָרן 1947־1948. איציק קיפּניס האָט, ווייזט אויס, אין יענער צייט פאַרענדיקט זי.

זיין בן־עיר (אַ סלאָוועשנער) דער באַוואוסטער מוזיקער און שרייבער מרדכי ירדני דערציילט („יידישע קולטור" 1943, נ׳ 1) אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן איציק קיפּניס, זיין הויז־געזינד און וועגן דער סביבה, אין וועלכער די סלאָוועשנער יוגנט איז געוואַקסן. „גערופן האָבן אים, קיפּניסן, איניקע אויפן טאַטנס נאָמען — איציק נחום דעם האַרבאַרס, און אַ טייל — אויף דער מאַמעס נאָמען — איציק ליבקעס".

„איציקס פאָטער נחום האָט געהאַט אַ שוואַרצע הערצל־באָרד, שאַרפע צווייַ אויגן, מיט אַ בליק פון אַ בייזן פּריץ... געווען אַ שטרענגער מאַן, אַ שטרענגער טאַטע און אַ שטרענגער באַלעבאָס..." ליבקע, איציקס מאַמע, איז „געווען די גוטסקייט אַליין... אַ גוטע נשמה. איציק איז געווען גע־ראָטן אין דער מאַמע — סיי אין אויסזען און סיי אין כאַראַקטער. ער האָט פון איר איבערגענומען ניט בלויז איר שמייכל, אירע מאַטע געזיכט־צוגן, איר צאַרטקייט און גוטסקייט, נאָר אויך איר אויסערגעוויינטלעכע רואיקייט און געלאַסנקייט. איציק פלעגט רעדן שטיל און באַזאַכט... זיי זיינען געווען עטלעכע קינדער אין שטוב. אָבער פון אַלע איז איציקן שטאַרק נאָענט געווען די עלטערע פון די שוועסטער — דינקע, די איצטיקע באַקאַנטע סאָוועטישע דיכטערין דינה ליבקעס..." און „ווען איציק איז געוואָרן בר־מצוה — דער־ציילט וויטער מ. ירדני — האָט אים דער טאַטע געקויפט אַ פידל. ער אַליין האָט אים געלערנט שפּילן. פון אַלע „קאָמפּאָזיציעס", וואָס איך האָב געהערט איציקן שפּילן, געדענק איך: וואַרשאַווסקיס „אויפן פּריפּעטשיק", „התקוה", „כל נדרי", „שושנת יעקב"...

ווי מ. ירדני גיט איבער, איז איציק „אַוועקגעפאָרן ערגעץ אין אַ ישיבה..." צוריקגעקומען, האָט ער אויסגעזען גאָר אַנדערש... ס'האָט זיך אים געגומען אויסשיטן אַ בערדל, געווען מיט אַ יידיש־פּויליש היטעלע און „מיט אַ פּאָר גאָטספאַרכטיקע אויגן..." דערווייל איז געפאַלן דער צאַריזם, און „נייע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן פון מאָסקווע, פון קיעוו, פון וועלכע ער וועט געוואַלדיק מיטגעריסן."

איציק פאַרבינדט זיך „מיט דער שיינער, חנעוודיקער, קוטשעראַוועער בוזי... ווער געדענקט עס ניט בוזין?" איציקס עלטערן זיינען געווען קעגן דעם שידוך. עס איז זיי ניט אָנגעשטאַנען, וואָס בוזי איז געווען אַן אָרעם מיידל און נאָך אַ שניידערקע דערצו..." דאָס יונגע פּאָרל האָט חתונה. מען קלייבט זיך אַריין אין אַן אַלקערל און איציק, דאָס יונגע באַלעבעסל, גייט אַרבעטן אין אַ פרעמדער האַרבאַרניע... זומער 1919 קומט פאָר אין סלאָוועשנע אַ שוידערלעכער פּאָגראָם, וואָס האַלט אָן עטלעכע טעג, אין וועלכן עס זיינען גרויזאַם אומגעבראַכט געוואָרן איבער הונדערט יידישע נפשות. „צווישן דער גרויסער צאָל פּאָגראָם־קרבנות האָט זיך געפונען בוזיס מאַמע און דריי קליינע קינדער. מען האָט זיי אַלע פיר געפונען מיט איבער־געשניטענע העלדזער ביי אַ פויער אין שייער, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן.. בוזי האָט דעם גרויסן וויטיק ניט געקאָנט אַריבערטראָגן, און איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן..."

די דאָזיקע גרוליקע איבערלעבענישן האָבן זיך טיף איינגעשניטן אין איציק קיפּניסעס זכרון, און ער קאָן זיך פון זיי נישט באַפרייען. זיי קומען כסדר צום אויסדרוק אין זיינע ווערק, און בעיקר אין זיין בוך „חדשים און

טעג״, וואָס ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געשריבן. בוזי פיגורירט, ווי אַ לעבעדיקע, אין איציק קיפּניסעס ווערק, און שפּעטער אויך שוין ווי אַ גע־שטאָרבענע אין „אונטערוועגנס״.

.4

דאָס בוך „חדשים און טעג״ איז געווען אַ נייס אין דער דעמאָלסדיקער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. עס האָט אַרויסגערופן ווידערשפּרעכנדיקע אָפּרופן, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע. מען איז דאַן נישט געוואוינט געווען צו דער שפּראַך, צו דער פּשטות און תמימות, אין וועלכער דער יונגער שרייבער גיט איבער וועגן די גרויליקע פּאַסירונגען. דאָס איז צו זען קודם־כל אינעם אַריינפיר פון י. נוסינאָוו צום בוך, וואָס אויסצוגן האָבן מיר פריער געבראַכט.

אין אַ לענגערן אַרטיקל, וואָס הייסט „אַ נייער טאַלאַנטפולער פּראָזע־שרייבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד״ („פרייהייט״, ניו־יאָרק, 27טן מערץ, 1927, געווען אויך געדרוקט אין מינסקער „אָקטאבער״) שרייבט צווישן אַנדערן דוד בערגעלסאָן: „ווי אַן אַראָמאַט דערמאָנט אייך אָן אַ צווייטן, אָן ענלעכן, וועלכן איר האָט שוין אַמאָל געפילט, פונקט אַזוי דערמאָנט אייך דאָס בוך „חדשים און טעג״ אינעם גרונט־טאָן פון אַ צווייטן זעלטענעם און גרויסן בוך. מאָמענטנווייז גלויבט איר ניט אייערע אייגענע אויערן — אַזוי גוראַטן איז די אינעווייניקסטע שטימע אין אָט דעם בוך צו דער שטימע פון אַ ליבן און האַרציקן באַקענטן. זיין נאָמען איז: — מאָטל פּייסי דעם חזנס...״ און ווייטער זאָגט ד. בערגעלסאָן: „שלום עליכם האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט אַרויסזען דעם גלגול פון קאַסרילעווקע ניט בלויז אין די צייטן פון ראַטנמאַכט, נאָר אפילו ניט אין די צייטן פון בירגער־קריג...״

דוד בערגעלסאָן זעט אין איציק קיפּניסן און אין זיין אַרויסגעבראַכטן שטעטל „אַ נייעם גלגול״ און „דעריבער איז צווי מאָל שטאַרק אָנגעלייגט דאָס טאַלאַנטפולע בוך „חדשים און טעג״...״ דוד בערגעלסאָן זאָגט, אַז „דער טאַלאַנטפולער אָרעמער יתום, מאָטל פּייסי דעם חזנס, איז ניט פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ אין אַמעריקע און איז ניט אומגעקומען ערגעץ אין דער צייט פון די פּאָגראָמען און פון בירגער־קריג. ער האָט נאָר באַקומען אַרום זיך אַ נייע סביבה און האָט באַוויזן אַ וואונדערלעך־גרויסע בריהשאַפט: ער האָט זיך אויסגעלערנט דערציילן וועגן זיך און וועגן אַרומיקע מיט זיין אייגענעם מויל אָן דער הילף פונעם גרויסן קינסטלער שלום עליכם. ער האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט מיט אַ האַרציק און ליב מיידל, און דערצו נאָך, ניט מיט קיין פרעמדער, ווייל זי איז אונדז פון פריער באַקאַנט. ער האָט חתונה געהאַט מיט בוזין פון שלום עליכמס „שיר השירים״, און פון פרייד, וואָס דאָס אַלץ איז געשען, האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשרייבן זיינע באַ־אָבאַכטונגען — איצטיקס מאָל מיט דער הילף פון שלום עליכמס ירושה״.

ד. בערגעלסאָן (ווי י. נוסינאָוו אין זיין אַריינפיר צום בוך) האָט געדרעכטע טענות צום יונגן מחבר, פאַרוואָס „דער גאַנצער אידעאָלאָגישער צוגאַנג צו קאַסרילעווקער ווייטיק פון 1919 איז פונקט דער זעלבער, וואָס די אידעאָלאָגיע און דער צוגאַנג פון שלום עליכמען צו קאַסרילעווקער דלות פון בערך 1890". ער וואַרפט אויך פאָר איציק קיפּניסן, וואָס זיינע פאַרשוינען, וואָס ער פירט אַרויס, „זיינען עפּעס מאָדנע פאַרצייטיקע, וואָס פּאַסן זיך אַריין אין אַן אידיליע פון בנימין השלישיס צייטן". אָבער דאָך גיט ער צו, אַז „עס וואָלט געהייסן אונטערשעצן די ווערט פון אָט דעם זעלטן־טאַלאַנטפולן בוך, ווען מ'זאָל ניט באַמערקן די נייע, צאַפּלדיק־פרישע טענער, וואָס קיפּניס האָט דאָך אין דער יידישער ליטעראַטור אַריינגעבראַכט..." באַזונדערס, באַטאָנט ד. בערגעלסאָן, ווי איציק קיפּניס ברענגט אַרויס „די שווידערהאַפּטיקסטע פּאָגראָם־בילדער... ער גיט זיי ווי אַ פאָלקס־דערציילער... ער דערציילט מיט אַזאַ אויפריכטיקער האַרציקער פּשטות..."

אויך ז. רייזען שטעלט זיך אָפּ אויף דער זעלטענער אייגנשאַפט פון קיפּניסעס פּשטות ביים דערציילן: „אין סטיל פון פּרימיטיוו, פון אידיליע שילדערט קיפּניס דאָס יידיש־אוקראַינישע שטעטל, די מלחמה, די ווייטע רעוואָלוציע, די שרעקלעכע פּאָגראָמען. דער טאָן וואַקלט זיך צווישן כראָניק און ליריק, אָבער דער לירישער עלעמענט וועגט איבער, און ס'איז מער אַ ליריש־אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג, ווי אַ כראָניק..." און ריכטיק זאָגט ז. רייזען, אַז „קיפּניסעס בוך האָט אַריינגעטראָגן אַן אָפּפרישונג און אַ באַלעבונג אין דער שטרענגער סכעמאַטישער [פון יענער צייט — נ. מ.] יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור". אויך ז. רייזען ווייזט אָן אויף דער קרובה־שאַפט פון א. קיפּניסעס שרייבן מיט שלום עליכמען: „די שפּראַך פון דעם בוך איז פריש און פאָלקסטימלעך, קערנדיק יידיש, און הגם אויך אין איר פילט זיך די השפעה פון ש"ע, אָבער דאָס גאַנצע ווערק איז אָריגינעל..."

ז. רייזען דערמאָנט, אַז „דער אידעאָלאָגישער צוגאַנג צום שטעטל האָט אין דער יידישער קריטיק פון ראַטנפאַרבאַנד אַרויסגערופן אַ געוויסע פּאָ־לעמיק, אָבער די ריין־קינסטלערישע מעלות פון דעם ווערק, די אָריגינעלע בילדער און פאַרגלייכן... האָבן דעם בוך פאַרשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד זייער אַ גרויסן דערפאָלג" (באַנד 3, ז"ז 642־643). ז. רייזען גיט דאָ איבער אין אייגענע ווערטער ש. ניגערס אָפּרוף וועגן דעם בוך, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט אין „טאָג" (פונעם 19־טן נאָוועמבער 1927, — איבערגעדרוקט אין ש. ניגערס „יידישע שרייבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד", ניו־יאָרק 1958, ז"ז 132־138).

איציק קיפּניס האָט אין זיין צייט דערהויבן די מערכה פון דער סאָ־וועטיש־יידישער ליטעראַטור, און בעיקר — איר פּראָזע, וואָס איז געווען גאַנץ היגטערשטעליק. אָט מיש איך אויף מיינעם אַן אַרטיקל „אַ שטיקל

סך־הכל״ (צען יאָר יידישע ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד), געשריבן אין 1927 (איבערגעדרוקט אין מיין בוך „אויף אונדזער קולטור־פראָנט״, וואַרשע 1936). דאָרטן רעד איך וועגן „דער יידישער דיכטונג אין ראַטן־רוסלאַנד, וואָס האָט בלי־ספק צו פאַרצייכענען באַדייטנדיקע פאַרדינסטן און אויפטוען״, אָבער „גאַנץ אַנדערש איז מיט דער יידישער פּראָזע״, וואָס האָט נאָך נישט אַרויסגערוקט קיין וויכטיקן אייגנאַרטיקן אייגענעם דערציילער. און איך גיב צו: „אַן אויסנאַם איז דער יונגער קיעווער איציק קיפּניס, וואָס האָט זיך זיין סטיל, זיין כאַראַקטער, — נישט וויניק ציט ער יניקה פון מענדעלע מו״ס, שלום־עליכם און פון ד. בערגעלסאָן. לעצטנס איז דערשינען זיין פיין און האַרציק בוך „חדשים און טעג״... (ז' 82).

יאָ, איציק קיפּניס איז געווען בשעתו אַ ליכטיקער אָנזאָג אין דער סאָוועטיש־יידישער בעלעטריסטיק, נישט געקוקט אויף אַלע גערעכטע און אומגערעכטע טענות צו אים.

**5.**

י. נוסינאָוו און דוד בערגעלסאָנס באַמערקונגען, אַז „חדשים און טעג״ ברענגען אַרויס אַ יידיש שטעטל, סלאָוועשנע, מיט אַן אַלטמאָדישן צוגאַנג, מיט אַ אידעאָלאָגיע פון אַן אַמאָליקער קאַסרילעווקע, זיינען נישט געווען די איינציקע. ס'איז געווען ריכטיק, וואָס „אין זיין גאַנצן בוך און אין זיין רעאַגירן אויף די געשעענישן איז ניטאָ אפילו קיין זכר פון אַרבעטער אין 1918־1919״. איציק קיפּניס האָט אַזוי אויפגעפּאַסט זיין שטעטל סלאָוועשנע, וואָס האָט אין זיינע אויגן, געלעבט זיך אַ אידיליש לעבן... אַנדערע יידישע קריטיקער אין סאָוועטנפאַרבאַנד זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. מען האָט אָנגעוויזן אַ. קיפּניסן, אַז ער שלעפּט צוריק צו דער אַמאָליקער קאַסרילעווקע. מען האָט אים פאַרגעוואָרפן „יידישיסטישע קליינבירגערלעכקייט״ און אויך קריטיקירט די סענטימענטאַלקייט, די פאַרליבטקייט, מיט וועלכער ער מאָלט זיין אייגענעם לעבן...

עס איז נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער שטעלונג פון יענער צייט — צו באַקעמפן, פאַרמיאוסן, אָפּווישן דאָס אידילישע יידישע שטעטל, וואָס האָט שוין באַדאַרפט גיין אין אייביקער רו. האָט דאָך דער באַוואוסטער ליריקער איזי כאַריק (אין זיין לידער־בוך „אויף דער ערד״, דערשינען, אינעם זעלבן יאָר 1926, — אין מינסק) זיך לחלוטין אָפּגעטרייסלט פונעם שטעטל און פון זיינע פאַרשוינען.

ער האָט געשריבן:

„פאַרגייט, פאַרגייט, איר אומעטיקע זיידעס,
מיט בערד צעשראָקענע, פאַרלאָפּענע מיט שניי!...
אין לעצטן בראָך, אין לעצטן ווײ

זייט איר פֿאַרבליבן לעצטע עדות, —
פֿאַרגייט, פֿאַרגייט, איר אומעטיקע זיידעס!...״

דער מילדער, צאַרטער דיכטער איזי כאַריק רעדט האַרבע דיבורים צום אומגליקלעכן יידישן שטעטל:

„איך ווייס: דיינע טעג זיינען געציילטע,
און יעדער טאָג דיינער איז אויסגעוויטיקט רויט״...

און נאָך מער אָפֿן האָט ער געזאָגט אין זיין פּאָעמע „קאַטערינקע״:

„מיר ווילן און מיר קאָנען צאַרט זיין,
נאָר מיר ווילן נישט און קאָנען נישט אַצינד.
אויב געזונגען, — איז פֿון גאַנצן האַרצן,
אויב געהוליעט, — איז געהוליעט ווי דער ווינט״.

אַזוי איז געווען איזי כאַריק און אַזוי אויך זיינען געווען אַנדערע דיכטער, שרייבער פֿון יענער צייט.

אָבער איציק קיפּניס האָט געוואָלט און געקאָנט זיין צאַרט און איז אַזוי פֿאַרבליבן אין באַשרייבן זיין היימשטעטל, זיינע ליבע און זיינע אייגענע.

ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די זעלבע טענות, אַז שרייבער האָבן אין זייערע שאַפֿונגען געגעבן מער אידילישע ווי רעאַליסטישע שילדערונגען, האָט מען אויך געהאַט צו רוסישע שרייבער. אין אַ טיפֿער און אינטערעסאַנטער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם דיכטער סערגעי יעסענין, שרייבט צווישן אַנדערן דער באַוואוסטער רוסישער קריטיקער ק. זעלינסקי, אַז „דאָס דאָרף, וואָס ווערט געשילדערט דורך יעסענינען, — איז נישט רעאַליסטיש, מיט זיין אַרבעט, מיט זיין קלאַסן־קאַמף, מיט זיינע קעגנזייטיקע באַציאונגען מיט דער שטאָט, נאָר אַן אידילישע. זיינע פֿאַרבן — בלויע, געלע און בלוילעכע; די טענער — צאַרטע, גילדערנע. ביי יעסענין איז נישטאָ, אָדער כמעט ווי ס׳איז נישטאָ, קיין שילדערונגען פֿון דער שווערער פֿויערשער פּראַצע, די פֿויערן־אָפּ־העגניקייט פֿון דעם גוטבאַזיצער, פֿונעם רייכן סוחר אָדער בעל־גוף.״ (ק. זעלינסקי — ז״ז 12־13).

און ס׳איז דערביי מערקווירדיק אַזאַ מין קרובהשע נאָענטקייט צווישן דעם עכט־רוסישן דיכטער יעסענין מיטן טיף־יידישלעכן קיפּניס. „זיינע פּאַטריאַכאַלע אידיליעס — זאָגט ק. זעלינסקי — פּלעכט יעסענין אַדורך מיט אַ האַרץ־דריקנדיקן אומעט״.

אין זיין ערשטן בוך און אַזוי אויך אין די שפּעטערדיקע דערציילונגען שילדערט איציק קיפּניס דאָס יידישע און נישט־יידישע לעבן אין די קליינע שטעטלעך, אין די דערפֿער און כוטאָרעס אין די שווערע צייטן פֿונעם בירגער־קריג און אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע מיט אַ

באַזונדערער צערטלעכקייט און ליבהאַרציקן הומאָר. אין די פּאַרוואָרפענע ישובים האָט זיך פּאַמעלעך געפורעמט און געשטאַלטיקט דאָס נייע לעבן. ס'איז נישט געגאַנגען אַזוי גלייך און אַזוי אָפן און אַזוי האַסטיק ווי אין די גרויסע שטעט. ס'האָט זיך כסדר געמישט דאָס אַלטע, איינגעזעסענע מיטן נייעם, מיטן אומגעריכטן. און די עלטערע מענטשן, די יידן און נישט־יידן, האָבן פון אָנהויב נישט אָנגענומען, נישט גורת [גוירעס] געווען דאָס נייע, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן זיי אַרויסצושטויסן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און זיי אויסצואוואָרצלען פון זייער באָדן. אויך די יוגנט, די דערוואַקסלינגען, האָבן נאָך אויך געשטעקט אין געוואוינהייטן, אין פירעכצן, אין אַ שטייגער־לעבן, וואָס מ'האָט נישט געקאָנט איינס און צוויי איבער־אַנדערשן. און בפרט, אַז יעדעס מאָל האָבן זיך אָנגערוקט באַנדעס פון כלערליי מינים און צונישט געמאַכט, אומגעבראַכט דאָס, וואָס די רעוואָלו־ציאָנערע מאַכט האָט באַוויזן אויפצושטעלן און אָרגאַניזירן.... און טאַקע אַט די שווערע צייט, מיט די כסדרדיקע איבערוואַנדלונגען, מיט די אומאויפ־הערלעכע קומען און אַוועקגיין פון דער נייער מאַכט, האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם לעבן פון די וואָלינישע שטעטלעך און אויף אירע מענטשן... דאָס אַלץ האָט אויפגענומען אין זיך איציק־אייזיק, און דאָס אַלץ ברענגט ער אַרויס אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן אין זיינע פריערדיקע און שפּעטערדיקע ווערק. און דאָס אַלץ קומט אויך צום אויסדרוק אין זיין גרויסער דערציילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אונטערוועגנס". ס'איז אַ נייער פּרואוו אַרויסצוברענגען דאָס אַמאָליקע לעבן, זיך גופא, זיינע נאָענטע און אייגענע, די גאַנצע סביבה אין אַ רעטראָספּעקטיוון ליכט. און ווידעראַמאָל — עס קומען רעאַלע, רעאַ־ליסטישע בילדער פון רעאַלע פּאַסירונגען און געשעענישן מיט פּאָעטישע אָפּנייגן. און סאַראַ לירישע עפּישקייט און עלעגישע שטימונגען עס פאַרמאָגן די באַשרייבונגען, די שילדערונגען!

## 6.

איציק קיפּניס האָט פון זיינע ערשטע ליטעראַרישע שריט געשריבן אויך פיל פאַר קינדער. ער האָט פאַרעפנטלעכט אינעם חודש־זשורנאַל „פריידי", וואָס איז דערשינען אין קיעוו אין 1922־1923, אָריגינעלע, אייגנ־אַרטיק־געשריבענע פּרעכטיקע מעשהלעך פאַרן יונגן לייענער. י. כעזין (דער באַוואוסטער יידישער פּעדאַגאָג ד"ר ישראל רובין) האָט געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט אויף אים. אין אַ רעצענזיע וועגן דעם זשורנאַל „פריידי" („ביכער וועלט", וואַרשע, 1923 ז"ז 3־4) זאָגט ער: „א. קיפּניס קאָן אפילו פון אַזאַ לאַנגווייליק־אויסגעדראָשענער טעמע ווי „אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין טיפן וואַלד", מאַכן, אַ דאַנק דער איינפאַכקייט און מענטש־לעכקייט פון סטיל, אַ גאַנץ אינטערעסאַנט מעשהלע..." (ז' 274).

זלמן רייזען שרייבט, אַז „די פּשטות, די פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון קיפּניסעס שטייגער האָט אים אויך געמאַכט פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע קינדער־שרייבער אין דער יונגער יידישער ליטעראַטור". ז. רייזען רעכנט אויס אַ גרעסערע צאָל ביכער און ביכלעך, אָריגינעלע און באַאַרבעטע, וואָס איציק קיפּניס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די יאָרן 1923־1928 ; אייניקע אין פֿערזן, מיט צייכענונגען פֿון פֿאַרשיידענע קינסטלער.

וועגן זיינע „מעשהלעך" (דערשינען אין קיעוו אין 1924) שרייבט שפּעטער דער באַקאַנטער יידישער לערער און קריטיקער א. דמשק („ליטעראַרישע בלעטער", 1928, נ' 5), אַז „קיפּניסעס 'מעשהלעך' זיינען אַ רוטינירטע התחלה פֿון אָריגינעלן קינדער־שאַפֿן, איבערהויפּט אין דער הינזיכט פֿון פֿאָרם און שפּראַכלעכן געוועב פֿון דער מעשה. אָן באַזונדערע מאָטיוון און צוגעשפּיצטע צילן. זוניקער צייט־פֿאַרווייל און היימישע אינטימקייט, פֿריידיקע הנאה פֿון אַ קינד . . . לייכטער אינהאַלט, אַמאָל — קאָמישע סיטואַציעס, גוטמוטיקער הומאָר, אָן קיינע אַלעגאָרישע פֿאַרטראַכטונגען . . . די בילדער זיינען אומעטום קאָנקרעט, איבערגעפּלאַכטן מיט טראַדיציאָנעלע און איינגעוואָרצלטע פֿאַר־גלייכונגען . . . דער זאַץ איז מעשה־שפּילעוודיק . . . " (ז' 100).

עס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן איציק קיפּניסעס ווערק : „חדשים און טעג", צווייטע אויפֿלאַגע, פּ"ג קלעצקין, ווילנע, 180 ז"ז ; „צוועלף דער־ציילונגען", 1922־1932, כאַרקאָוו־קיעוו 1933, 208 ז"ז ; „פֿרייד", דערציילונגען פֿאַר קינדער, מינסק, 1935, 88 ז"ז ; „אַ קיילעכיק יאָר" (פֿאַר קינדער), מאָסקווע, 1938, 42 ז"ז ; „די שטוב" (ראָמאַן אין דריי טיילן), קיעוו, 1939 246 ז"ז ; „פֿון די יונגע יאָרן" (דערציילונגען), קיעוו 1939, 174 ז"ז ; „די צייט גייט" (בילדער און דערציילונגען) קיעוו, 1940, 288 ז"ז ; „דערציילונגען און מייסעס", קיעוו־לוואָוו, 1940, 180 ז"ז (29 דערציילונגען).

אין פֿאַרשיידענע צייטונגען, צייטשריפֿטן און זאַמלביכער זיינען פֿריער און שפּעטער געדרוקט געוואָרן דערציילונגען און מעשיות, ווי אויך קאַפּיטלען פֿון גרעסערע ווערק. ס'איז אויפֿגעהיט, אין מאַנטרעאַל, אַ מאַנוסקריפּט פֿון יאָר 1925 פֿון אַ גרויסער דערציילונג „אויפֿן וויהאָן" (עס האַלט 311 מאַשין־זייטן, — וואָס קאַפּיטלען זיינען געדרוקט געוועזן אין דער „רויטער וועלט").

פֿון גרויס באַדייט פֿאַר דער כאַראַקטעריסטיק, וואוקס און אַנטוויקלונג פֿון איציק קיפּניס איז דער אַריינפֿיר פֿונעם באַוואוסטן סאָוועטיש־יידישן קריטיקער מ. ווינער צום בוך „12 דערציילונגען" (1922־1932), דערשינען אין 1933).

מ. ווינער הויבט אָן זיין אַריינפֿיר מיט אַ פֿראַגע : „צי קאָן מען אין די דערציילונגען פֿון דעם בוך, אויב מען פֿאַרגלייכט זיי אינגאַנצן גענומען מיט „חדשים און טעג", זען, זאָל זיין כאָטש אַ באַשטימטע באַוועגונג אויף פֿאָרויס אין קיפּניסעס אַנטוויקלונגען ? "

און ער זאָגט: „אויף אַזאַ פראַגע וועט מען אָן ספק דאַרפן ענטפערן פּאָזיטיוו. כאָטש מען וועט דאַרפן צוגעבן, אַז די באַוועגונג אויף פּאָרויס איז דאָ — נעמענדיק אין באַטראַכט דעם משך פון אַזאַ היפּשן צייט־אָפּשניט, וואָס ליגט צווישן יענעם בוך און די דאָזיקע דערציילונגען — אַזאַ פּאַמעלעכע און אַזאַ ווייניק־אַנטשיידנדיקע, אַז ס'איז גענוג שווער זי צו כאַפּן מיטן אויג. דעריבער איז קיין חידוש ניט, אויב סע קאָן זיך אויסדוכטן, אַז דער שרייבער שטייט אויף איין אָרט"...

„פונדעסטוועגן אָבער — גייט ווייטער צו מ. ווינער — איז אַזאַ באַשטימטע באַוועגונג אויף פּאָרויס פּאָרט יאָ פאַראַן".

ער פרעגט ווייטער, נאָך דעם ווי ער דערמאָנט איניקע דערציילונגען און זייערע פּראָבלעמען פון בוך: „ווי שטעלט מען און ווי לייזט קיפּניס די דאָזיקע פּראָבלעמען, ווי באַהאַנדלט און ווי לייזט קיפּניס אפילו זיינע מער־פּאַרגעשריטענע טעמעס און סיוזשעטן?" און ער ענטפערט ווידער, אַז „מען מוז, צום באַדויערן, פעסטשטעלן, אַז אַחוץ עטלעכע אויסנאַמעס איז קיפּניס אפילו דאָ נאָך גענוג טיף שטעקן געבליבן אין זיין פריערדיקער באַלעבעסלדיקייט, סיי וואָס שייך דעם תוך, סיי וואָס שייך דער פאָרם". און אַזוי גייט כסדר מ. ווינער. ער ווייזט אָן אויף אַ פּאָזיטיווער אַנטוויקלונג און איז דאָך נישט צופרידן: „אַוודאי, אין טייל דערציילונגען מאַכט קיפּניס אָנשטרענגונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער דאָזיקער קליינבירגערלעכער בילדער־וועלט. אָבער... ער האָט זיינע אָנשטרענגונגען אָפּט פּאָרט ניט אויסגעהאַלטן דערפירט ביז צו פולשטענדיקער באַפרייאונג פון פיליסטערישע שטריכן.." (ז' 3).

אָבער ער באַטאָנט, מ. ווינער: „קיפּניס איז אָן שום ספק — אויך אין דעם בוך — איינער פון די טאַלאַנטפולסטע און שטאַרקסטע שרייבער אין דער יידישער סאָוועטישער פּראָזע; פאַראַן דאָ זאַכן און זייטן פון מייסטערישן שניט. אין באַשטימטע קינסטלערישע פּרטים, למשל, וואָס שייך אינטימער ליריש־קייט — וואָס איז ביי אים פאַרבונדן מיט אַ דורכאויס רעאַליסטישן שילדע־רונג־אופן, — וואָס איז שייך שטאַרקייט, אומיטלבאַרקייט און אָריגינאַלקייט פון דער שטימונג־און זשאַנער־מאָלעריי (מענטשן, חיות, פּייזאַזשן, זאַכן, נאַ־טור־צושטאַנדן א.א.וו.), פאַרנעמט ער געוויס אַ זעלבסטשטענדיק אָרט אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור" (ז' 4).

ס'איז ריכטיק מ. ווינערס באַצייכענונג, אַז „קיפּניס איז אַ קינסטלער אָן אומיטלבאַרער, אַ נאַטור־וואוקסיקער (אין דעם באַטייט, ווי מאַרקס־ענגעלס באַנוצן דאָס וואָרט), דאָס הייסט — ער קאָן נאָר דאָס קינסטלעריש באַהאַנדלען, וואָס ער האָט געזען און וואָס ער ווייסט".

און דער אַריינפיר פון מ. ווינער ווערט פאַרענדיקט: „דאָס דאָזיקע בוך, וואָס אַנטהאַלט אין אַ היפּשן טייל זיינעם ביז גאָר טאַלאַנטפול־געשריבענע

דערציילונגען און טאַקע אויך מאָמענטן פון אידעאָלאָגישער איבערבאַוואָפּענונג, דאַרף פּאַר קיפּניסן באַדייטן אַן איבערגאַנג צו וויטערדיקער און מער אַנט־שיידענער אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער אַנטוויקלונג" (ז׳ 6).

מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אָנגענומען אין סאָוועטנפאַרבאַנד מער גוטוויליק און פּאָזיטיוו שלום־עליכמס השפּעה אויף די יידישע שרייבער. אין אַן אַרטיקל „די יידישע סאָוועטישע פּראָזע אין 1939" („יידישע קולטור", ניו־יאָרק 1940, נ״ב 11־12) שרייבט וועגן דעם דער סאָוועטיש־יידישער קריטיקער מ. דובילעט מיט צופרידנקייט. ער זאָגט, אַז „אין משך פון פאַריקן יאָר האָט זיך אין דער פּראָזע באַזונדערס געלאָזט פילן די ש״ע־טראַדיציע"... ער דערמאָנט ב. אָלעווסקין, א. קאַהאַנען, ה. בלאָשטיינען און איציק קיפּניסעס „די שטוב", וואו מיר פילן די דירעקטע ווירקונג פונעם גרויסן שלום־עליכם. „ס׳קומט צום אויסדרוק די שטרעבונג פון אונדזערע שרייבער צו עכט־קינסט־לערישער פּראָסטקייט... מיט דער ש״ע־טראַדיציע איז ענג פאַרבונדן די אַנטוויקלונג פונעם הומאָר, די אויפלעבונג פונעם מאָנאָלאָג־זשאַנר, דער אינטערעס צו דער לעבעדיקער שפּראַך פונעם פאָלק" (ז״ז 67־68).

איציק קיפּניס, וועמען מ׳האָט געזען זעלטענער אין לויף פון יאָרן אין די סאָוועטיש־יידישע זאַמלביכער און זשורנאַלן, באַוויזט זיך ווידער אָפטער אין דער סאָוועטישער ליטעראַרישער עפנטלעכקייט.

אין דעם אַלמאַנאַך, „אויף נייע וועגן" (30 יאָר סאָוועטיש־יידיש שאַפן), וואָס איז אַרויס אינעם איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1949, אין וועלכן ס׳קומען אַריין, לויטן אָפּקלייב פונעם אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, די שאַפונגען פון 67 סאָוועטיש־יידישע שרייבער, איז איציק קיפּניס פאַרטראָטן מיט אַ דער־ציילונג „ברידער" (דער רב און דער סאָלדאַט). די לעצטע חדשים דרוקט זיך אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע" אין פאָרזעצונגען, אַ נייע לענגערע דערציילונג „מיין שטעטעלע סלאָוועשנע".

צו אָט דער ביאָגראַפישער דערציילונג, וואָס ער האָט אָנגעשריבן די לעצטע פּאָר יאָר, איז צוגעגעבן אַן אייגנאַרטיקע, עכט־קיפּניסישע הקדמה, וואָס מיר ברענגען זי דאָ אינגאַנצן.

„אפילו ווען דאָס שטעטעלע סלאָוועשנע, וואָס איז פאַרשטעקט צווישן פּאָליעסיער וועלדער, וואָלט נאָך געשטאַנען אַזויפיל וויפל עס איז אַלט געווען ביז איך האָב עס דערקענט, וואָלט עס אויך נישט געשטאַנען אויף איין אָרט און ווי אַלץ אין דער וועלט זיך געענדערט. נאָר אַזוי ווי עס איז אין דעם 1941 יאָר און אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן פון דער מלחמה אויסגעהרגעט, אָפּגעברענט און חרוב ונחרב געוואָרן; צו די ביידע הייליקע אָרטן, וואָס געפינען זיך אין איין עק שטעטל, איז צוגעקומען אין צווייטן עק שטעטל אַ פרישער הייליקער אָרט — דער ברודער־קבר פון די קדושים, וואָס איז אפילו נישט אַרומגעצוימט און אַזוי ווי ער איז אויסגעגלייכט מיט דער ערד, וועט

מען אים אינגיכן אפילו אונטערשיידן נישט קאָנען פונעם גאַנצן שטיקל פּיטער־פלאַץ. בויט זיך סלאָוועשנע מיט שווערקייטן. פּאָר אַ פּאָר צענדליק יאָר וועט עס זיך אפשר אויסבויען, צוזאַמען מיט די 5־6 יידישע משפּחות, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט. נאָר פון דער סלאָוועשנע, וואו איך בין געבוירן, אויפגעצויגן געוואָרן און אויסגעוואַקסן איז אפילו קיין סימן און קיין זכר נישט געבליבן. וואָלט זיך וועלן, כל־זמן איך לעב און קאָן נאָך האַלטן אַ פּען אין דער האַנט, אָנוואַרפן עטלעכע בלעטלעך פאַרהעלטנישמעסיק לויט מיינע כוחות (וואָס איך ווער עלטער, ווער איך שוואַכער, ס׳איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט). טאָמער וואָלט עס געוועזן כאָטש, אין אַבי וועלכער מאָס, אַ מצבה אָדער אַ סימן פון אַ מצבה פאַר מיין געבורטס־שטאָט.

פאַרצייכענען וועל איך עס, ווי ס׳האָט אויסגעזען אין די אויגן פונעם קינד און יינגעלע איציק פון האַרבאַרניע, זינט ער האָט עפּעס אין דער פּריסטער קינדהייט פאַרגעדענקט ביזן 13־יאָריקן עלטער, ווען ער איז בר־מצוה געוואָרן.

מיר הייבן אָן — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה. כ״א אדר שנת תשי״ז, 24־טער מערץ 1957. באַיאַרקע (מיט דער עלעקטרישער באַן אַ האַלבע שעה פאַרעכץ פון קיעוו) . . . ״

די דערציילונג „אונטערוועגנס״, וואָס מיט איר הויבן מיר אָן דאָס איצטיקע בוך, דרוקן מיר, ווי געזאָגט, פון אַ מאַנוסקריפּט, וועלכער געפינט זיך ביי אונדז אַ 13 יאָר. די איבעריקע, קלענערע, דערציילונגען זיינען גענומען פון זיינע פריערדיקע ביכער, ווי אויך פון זשורנאַלן.

**7.**

ווי לייענט זיך איצט, אין 1960, איציק קיפּניסעס דערציילונגען, געשריבן מיט אַ 15, 20, 25 יאָר צוריק? עס איז דאָ אַ געפיל, ווי מען זאָל פּלוצים אַריינפאַלן אין אַן אַלטער ליבער וועלט, אין אַן אַלטער סביבה מיט מענטשן, אינטערעסן, מיט באַציאונגען און פירעכצן, וועלכע זיינען גאָר אַנדערש ווי די איצטיקע, די היינטצייטיקע. אָבער ווייל ער ברענגט אַלץ אַרויס אַזוי וואַרעם־אינטים, אַזוי תמימותדיק און רירנדיק, לייענט איר עס מיט אינטערעס, און די אַרויסגעפירטע מענטשן ווערן אייך ליב און טייער. אין פלוג זיינען עס דאָך די זעלבע קליינשטעטלדיקע יידן און יידענעס, בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען אונדז גוט באַקאַנט פון דער אַמאָליקער יידישער ליטעראַטור, אָבער די באַהאַרצטקייט, מיט וועלכער איציק קיפּניס באַגלייט זיי, פירט זיי אַרויס, גייט־מיט מיט זיי, ווערט פון זיי געפירט און לעבט מיט זיי, — דאָס אַלץ מאַכט זיי אונדז שטאַרק נאָענט און אייגן, און זייערע פרייד און לייד, — מעגן זיי זיין קליינלעכע איבערלעבענישן, ווערן נאָענט און וויכטיק.

עס קומט פון דעם, וואָס קיפּניס איז דאָ נישט קיין קאַלטער, זייטיקער

באַאַבאַכטער, וועלכער קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די „קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע השגהלעך". ער גופא געפינט זיך אין דער נעץ, וואָס ער ציט אַרויס, מעשה־פישער פונעם לעבנס־טייך. ער איז אַ טייל פון זיי, ער איז אַ שרייפל אין דער מאַשין, וואָס דרייט זיך כסדר און פאַרכאַפּט אַלץ מער פעדעם און וועבט און וועבט אויס כלערליי אוזאָרן...

איציק קיפּניס איז געווען און פאַרבליבן אַ באַהאַרצטער דערציילער. מיר זיינען צופרידן צו זיצן אַזוי געמיטלעך און אויפנעמען זיינע מעשיות, וואָס פליסן און שטראָמען ווי די וואַסערן פון אַ שטיל־פליסנדיקן טייכל. מען קאָן אַזוי זיצן אין שאָטן פון בוימער און פאַרנעמען דעם כסדרדיקן כליופּ־כליופּ און גאָר נישט מיד ווערן. ער דערציילט אַזוי בנעימותדיק ווי עס איז אַמאָל געגאַנגען דאָס לעבן, און דערביי וואַקסן אַרויס געשטאַלטן, פּאַסירונגען, שטריכן, מענטשלעכע כאַראַקטערן. ער דערציילט, דאַכט זיך, גלאַט אַזוי אַ מעשה, אָבער פון די גאַנץ־צופעליקע, אַנגעוואָרפענע שטריכן וואַקסן אויס פּאַמעלעך און בהדרגה ליבהאַרציקע מענטשן, יידן און פויערן, בחורים און מיידלעך, עס וואַקסן אָן קאָנפליקטן, געראַנגלענישן און עס ווערט דערפירט צו שטילע, אָבער זייער טיפע טראַגעדיעס. און דער עיקר העיקרים, וואָס ער גופא, איציק־אייזיק, איז פאַרפלאָנטערט אין זיי, און וואָס מער ער פּרובירט, דאַכט זיך, אַרויסבאַפרייען זיך פון זיי, ווערט ער אַלץ מער אַריינגעצויגן און פאַרפלאָנטערט. מיר לייענען און ווערן אויך אַריינגעצויגן אין די אַלע פּאַסירונגען און געשעענישן.

איציק קיפּניס איז באַרעדעוודיק, שטאַרק באַרעדעוודיק. דאָס איז זיין חסרון און — און אויך זיין מעלה. דורך זיין רעדן דעררעדט ער זיך אָפּט צו פיינע און טרעפלעכע רייד. נישט זעלטן רעדט ער און פאַררעדט זיך. אָבער אויך דאָס פאַררעדן זיך האָט אַ באַזונדערן חן און צויבער. אין זיינע לענגערע שמועסן האָבן מיר דעם באַוואוסטן שטייגער פון „מגלה טפח ומכסה טפחיים", — דעקט אויף אַביסל און פאַרדעקט צוויי מאָל אַזויפיל... ער געברויכט נישט, ווי מענדעלע, זיין באַוואוסטן זאָג: „נישט דאָס בין איך אויסן". אָבער, ווי מענדעלע, איז ער מיט זיין רעדן און שמועסן זייער פיל און שטאַרק אויסן.

פון די איינצלנע מעשיות און פון די סתם שילדערונגען קומט אַרויס לעבעדיק אַ שטיק יידיש לעבן, מיט פיל נאָענטע און באַקאַנטע, וואָס צו אייניקע האָט ער אַ האַרציקע באַציאונג, און אַנדערע האָט ער נישט גערן. פריידקע, פּאַליע, שיינדל, מילקע, די מאַמע, דער פּאָטער. אַלע מאָל לעבט אויף, אויף אַ זייער אָריגינעלן אופן, זיין יונג־פאַרשטאָרבענע פרוי בוזי, וואָס ליגט אויפן בית־עולם, וואָס געפינט זיך אין שכנות מיטן לעבעדיקן שטעטל. אפילו די קו איז אַן אייגענע, אַ מיטגליד אין דער משפחה, און אויך די נישט־יידישע שכנים, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט מיט אַזוי פיל היימישקייט

און נאַענטקייט, און אַזוי אויך די וועגן־שטעגן, די פעלדער און וועלדער אַרום, און די פאַרשיידענע שטעטלעך און דערפער, מיט זייערע אַלערליי נפשות, און די פאַרשיידענע צייטן פון יאָר, און די נאַטור — אַלץ איז געגעבן מיט די זעלביקע באַהאַרצטע מאָלער־מיטלען און שילדערונגען.

גאָר פון אַן אַנדערן כאַראַקטער זיינען די עטלעכע קלענערע דערציילונגען, וואָס קומען דאָ אין בוך, וועלכע איציק קיפּניס האָט געשריבן אין די שפּעטער־דיקע יאָרן ביי גאָר אַנדערע שווערע שטימונגען און סיטואַציעס. מיר האָבן דאָ „באַבי יאַר״, געשריבן אין 1944, צום דריטן יאָרטאָג פון דעם גרויסן גרויליקן בראָך. אויך דאָ איז איציק קיפּניס טריי זיך, זיין אָריגינעלן און אינטימען אופן פון שרייבן. קיין איין שרייענדיק וואָרט, קיין איין הילכיקער טאָן, קיין איין האַרבער אויסדרוק! אָבער ווי שטאַרק עס ווירקט אויפן געמיט!

מיר האָבן געלייענט איצט די אַלע דערציילונגען מיט טיפן אינטערעס, מיר זיינען מיטגעריסן געוואָרן פון דעם אייגנאַרטיקן דערציילן און שילדערן. מיר זיינען זיכער, אַז אויך דער לייענער וועט אַזוי אויפנעמען דאָס בוך, אַרויספילן דאָס טיף־רירנדיקע און אויפריכטיק־געשילדערטע פּונעם עכטן קינסטלער, וואָס לעבט־אויף די אַמאָליקע יידישע שטעטלעך.

---

איציק קיפּניס, ווי כמעט אַלע סאָוועטיש־יידישע שרייבער, האָט נישט אויסגעמיטן אין די גרויליקע יאָרן זייט 1948 דעם ביטערן גורל און גזר־דין. ער איז אינמיטן פון זיין שאַפן און אינמיטן פון זיין פּאַרמעסטן זיך אויף נייע ווערק, אַרעסטירט געוואָרן, פאַרשיקט געוואָרן אין ווייטע מקומות, אָפּגעזעסן עטלעכע יאָר אין תּפיסות און לאַגערן. צום גליק איז ער געבליבן לעבן, ער איז לסוף באַפרייט געוואָרן, צוריקגעקומען. אַ פּאָר יאָר האָט ער געוואוינט אין באָיערקע (שלום עליכמס בויבעריק!) און ערשט מיט אַ צוויי יאָר צוריק באַקומען די מעגלעכקייט צו קומען צוריק קיין קיעוו, אין זיין שיינעם קיעוו, וואו ער האָט געלעבט שיינע עטלעכע יאָר און וואו ער האָט געשאַפן זיינע שענסטע און ליכטיקסטע ווערק.

דאָס דאָזיקע בוך ווערט אַרויסגעגעבן דורכן איקוף מיט אַ באַזונדערן געפיל פון באַפרידיקונג אַ דאַנק דער הילף פון פריינט און גוטע פריינט, פאַרערער פון דעם טאַלאַנטפולן און אייגנאַרטיקן קינסטלער איציק קיפּניס.

מיר האָפן אַרויסצוגעבן גאָר אינגיכן קיפּניסעס נאָך אַ בוך.

מאַי 1960 — נחמן מייזיל

## קאַפּיטל איינס

# סלאָוועשנע און אומגעגנט

סיי פון פאָרן, סיי פון גיין ערגעץ איז ניט געווען שייך צו רעדן און אפילו צו טראַכטן.

איך בין געזעסן אויף איין אָרט ווי אַ ציגל, ווי אַ שפּאָן אָן אָפּגעבראָכענער פון שטאַם, וואָס וואַלגערט זיך אין וואַלד־געדיכטעניש און קיין שום בעלן זוכט זיך אויף אים נישט אָפּ.

אין שטעטל איז אַקוראַט געווען פּרייטיק. סלאָוועשנע איז ווייט פון זיך נישט אַוועק. ווי באַלד פּרייטיק, איז שוין מיט אים איבאייבעם געבונדן שבת. און פאַרוואָס זאָל עמעצן איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער פּרייטיק קאָן זיך דורך אַבי וועלכן אופן אָפּרייסן פון זיין שבת. און איך, וואָס בין איינגעטונקען אין קליינשטעטלדיקייט, זאָל זיך דורך וואָס עס איז אָפּרייסן פון זיי ביידן.

די פּאָגראָמען האָבן שוין אָפּגעהוליעט, אָפּגעטאָן זייערס; צעבראָכענע, צעשטאָכענע, נודיען מיר זיך און טריקענען די וואונדן. בוזיס שוועסטער רחלע האַלט זיך לעם מיר. מיר האַלטן זיך אפילו זייער שטאַרק איינס אָנעם צווייטן. איך וואוין שוין צוריק ביי מיינע עלטערן. קיין שטאַרק אָנגעלייגטער גאַסט בין איך ביי זיי ניט, נאָר מען האָט זיך שוין אָריינגעצויגן אין דעם אומעט און איבעם לאַנגוויל. די טעג ציילן זיך לויט זייער אַלטן שטייגער. אַזוי ווי ס׳איז היינט פּרייטיק, שטייט די מאַמע אין קיך און גרייט דעם שבת. אין שטוב איז שטיל, אַ סברה, אַז די קלענערע קינדער שלאָפן נאָך. איך עוסק זיך נאָך ביי זיך אין אַלקער. דער טאַטע איז אין הויף, פּריידקע איז ערגעץ אַוועק. גיי ריכט זיך אויף אַ צעטומלטער נייס, אַז אַ שכורער צעבושעווועטער אינוואַליד אויף זיין הילצערנעם קלעצל מיט אייזן אונטערגעשמידט, וועט זיך אַריינרייסן צו דיר אין שטוב און זיך אַרויפוואַלגערן גלייך אויף דיר, אַ נייס, וואָס ווען זי וואָלט טרעפן אפילו צו אַ זייטיקן, מוז זי אָנוואַרפן ציטער־ניש און אימת־מותדיקע שרעק. אָבער ווינציקער פון אַלץ האָט מען זיך גע־קענט ריכטן, אַז דעם פּאָטשין זאָל מען מאַכן דווקא מיט אונדז. מיר זיינען צו פיל אָפּגערוקט פון שטאָט, צו שטיל גייט אונדזער לעבן, אַז פּונקט מיט אונדזערן אַ נאָמען זאָל מיטאַמאָל נעמען קלינגען קינד־און־קייט. אָבער טשע־פּעט ניט, לאָזט הערן — סע קלינגט שוין.

— ריסל, גייט נאָר גיכער, אַ באַנדע איז אין שטאָט. מע האָט אייער

פרײדקען פֿאַרטריבן צו ברוך־אײזיקטשיכען אין שטוב און זי, ניט־דאָ־געדאַכט, שיער ניט איזגוואַלדעוועט. ריסל, װײנט ניט, איר האָט נאָך אַ גרױסע װערט בײַ גאָט. זי האָט זיך מיט נסים אַרױסגעראַטעװעט קײן עין הרע אַ גליקלעכע. קומט, איך װעל אײַך זאָגן װאו זי באַהאַלט זיך איצט. דער גזלן יאָגט זיך נאָך איר, ער זוכט זי איבער דער גאַנצער שטאָט!..

און דער עיקר איז, װאָס ס׳איז אַלצדינג אמת:

אַ מחנה רוצחים האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטאָט אַרײַן. זײ האָבן אפֿילו אַ פּנים פֿון אָנשטענדיקע מיליטער־לײַט. זײ האָבן אַ נאָמען אױך: „באַלאַ־כאָװוצעס", הײסן זײ, זײער גענעראַל הײסט בולאַק באַלאַכאָװיטש און דער דונער האָט זיך דװקא אָנגעהױבן פֿון אונדז. זײ האָבן זיך צעשאָטן איבער די גאַסן. אײנער האָט דערזען מײַן פֿרײדקען, די טריפֿענע אױגן האָבן זיך בײַ אים צעגלאָצט און ער האָט איר געװנומען נאָכגײן. זי מאַכט גיכערע שפּאַן און ער — נאָך איר. זי האָט באַשלאָסן זיך אַרײַנכאַפּן צו די ברוך אײזיקעס אין שטוב אַרײַן, װי זי װאָלט פּונקט אַהער געגאַנגען, אָבער ער האָט זי ניט אָפּגעלאָזט; נאָך מער, ער האָט אפֿילו באַפֿױלן מע זאָל אַלע אַרױס פֿון שלאָפֿצימער, װאוהין פֿרײדקע איז פֿאַרלאָפֿן, און איר, פֿרײדקען, האָט ער פֿאַרצאָמט דעם װעג.

ברוך־אײזיקטשיכע ברעכט זיך די הענט. אַלע אין שטוב זײַנען בלײַך װי קרײַד.

ראַטעװען? װער װעט ראַטעװען?

אַנטלױפֿן? װאוהין אַנטלױפֿן?

נאָר פֿרײדקען האָט גאָט געגעבן אין דער ענגער שעה אַביסעלע געזונט, פֿאַרשטאַנד און מוט.

זי האָט לכתחילה געפּרוװט רעדן מיט גוטנס.

— דערמאָנט זיך, הער אָפֿיציר, איר האָט ערגעץ אין דער הײם אַ פֿרױ, אַ שװעסטער. לאָזט מיך אָפּ און מאַכט מיך ניט אומגליקלעך אױף אַלע יאָרן.

נאָר אירע רײד קלעפּן זיך ניט אין ערגעץ, כאָטש ער זעט אױס אינטע־ליגענטיש, דערצו איז ער רײך געקלײדט, הױך און שטאַלטנע, נאָר די אױגן זײַנען אים מיט װילדקײט פֿאַרלאָפֿן, ניט ער רעדט, — ער בילט אַרױס קורצע און אָפּגעהאַקטע װערטער.

אױב זי װיל זיך אַלײן נישט אױסטאָן, װעט ער זיך אַלײן מטריח זײַן. מיט זײַן עלטער־כּבֿוד.

פֿרײדקע, אַן אױסגעשפּילט שטעטלדיק מײדל, קײן עין הרע שײן, שטאַלטנע און אױסגעװאַקסן, איז דאָך בײַ איר גאַנצער דערװאַקסנקײט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן מיט אַ מאַנספּאַרשױן אין אַזאַ ענגער באַענטקײט. זי פֿילט איבער זיך זײַן טרפֿהן, צעהיצטן אָטעם. אַ נײער מין חתן זיך געפֿונען! באַשלוסן פֿינקלען געשװינד בײַ איר אין מוח, אײנער געפֿערלעכער פֿונעם צװײטן.

ער ראַנגלט זיך שוין מיט איר. ער רייסט פון איר ס׳קאַפּטל. די ברוך אייזיקעס עקן זיך ממש פון יענער זייט טיר. דאָ בלייבן קאָנען זיי ניט, אוועק־גיין לאָזט עס זיי ניט.

פּלוצים דערהערט זיך אַ קנאַק און אַ מאַנסבילשער קרעכץ.

פריידקע האָט זיך אָנגענומען מיט כוח, זי האָט שוין אויך פאַרגעסן איר איידלקייט. זי האָט דערלאַנגט דעם פריץ מיט איין פויסט אין דער צע־היצטער צורה אַריין, מיט דער צווייטער האָט זי אים אויסגעדראַפּעט אַ שטיק אויג, אַזוי אַז ער האָט זיך אין אַנגסטן אַראָפּגעלאָזט צו דער סאַמע ערד. דער גזלן האָט זיך ניט באַוויזן ראַסטשוכען, ווי פריידקע איז שוין געווען פון יענער זייט דרויסן־טיר.

די ברוך אייזיקעס דאַנקען גאָט: פריידקע האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט! אַ יידיש קינד איז אַרויס ריין פון גויאישע הענט! די ברוך אייזיקעס ציטערן אָבער, סע וואַרפט זיי אין דער צעניאַריקער. דער גזלן האָט אַן איבערגע־קרומטער און אַ צעבלוטיקטער זיך אַוועקגעלאָזט נאָכן מיידל. וואָס וועלן זיי טאָן, אויב ער וועט זיך אומקערן צוריק און זיי אויסשעכטן, זיי ברענגען אויף פייער און אָפּמעקן פון דער ערד?!

אָט אַזוי האָט אָפּגעדונערט אַ נייס פאַר איינע פינף מינוט.

פריידקע איז אַרויס גליקלעך. מיר וויסן וואו זי איז, מע דאַרף איר אָפּשיקן אַ גאַנץ קאַפּטל, עפּעס עסן.

די רוסישע לערערין, די איידעלע און יונגע זאַגאַראָווסטשיכע, פרייט זיך מיט אונדזער פרייד. זי האָט שוין באַוויזן זיין ביי אונדז און איינרוימען דער מאַמען אַלץ, אַלץ.

פריידקע איז שטאָלץ און מאָדנע דערהויבן ביי זיך. אינעם צעריסענעם קאַפּטל זעט זי אויס ווי אַ יונגע לייבעכע, ווי אַ העלדישער קריגסמאַן נאָך אַן געוואונענער שלאַכט.

ווי אַזוי רופט מען דיך דאָרט, דו, שיינער איידלמאַן? איוואַן איוואַנאָ־וויטש, אָדער מאַקסים פּעטראָוויטש? דו וועסט שוין האָבן לאַנג, לאַנג צו געדענקען איינע ניט קיין געלונגענע באַגעגעניש מיט אַ געזונט יידיש מיידל, ערגעץ אין אַ פּאָליעסיער שטעטעלע אין איינעם אַ זומערדיקן פרייטיק גאַנץ פרי. אויב דו וועסט נאָר אַרויס אַ לעבעדיקער, וועט דיר, נישקשה, בלייבן אַ סימן אויף דיינע אַלע יאָרן!

יאָ, ס׳איז פרייטיק אינדערפרי. איצט זיינען מיר אַלע מאַנסבילן אין הויף לעם דעם הינטערטויער, וואָס קוקט צום שטעטל אַהין, איבער מיקיטע דעם באָנדערס גאָרטן.

דער טויער איז פאַרמאַכט, זיינע ברעטער, וואָס זיינען שוואַרץ פון עלטער, האָבן זיך אָנגעוואַרעמט אַנטקעגן דער זון. מיר טוליען אונדזערע פּנימער צו דער וואַרעמקייט פון דעם ניט־געהובליעוועטן האָלץ.

דאָס אויג, דער אויער ווילן דורך דער שפּאַרונע אויפכאַפּן, וואָס הערט זיך עפּעס אין שטעטל.

„שומר, מה מליל! שומר, מה מליל?!"

דורכן קליין געסל גייט אַהער אַרויף אַ שכן. ער גייט פון שטעטל, דער שכן, דער קריסט. ער האָט געוויס וואָס צו דערציילן, נאָר מע קאָן זיך ניט אָנטאָן אַזוי פיל בזיון און אים גיין פרעגן.

ער אונדז זעט דאָך ניט און מיר — עלעהיי מיר זעען אים אויך ניט.

שטייענדיק אין דער טיף פון הויף האָבן מיר דערוויל דורכגעלאָזן אַ שאַנס, אַ געלעגנהייט צו געשלאָגן אָדער געזידלט ווערן. צוויי גזלנים זיינען שוין געווען ביי אונדז אין שטוב, האָבן שוין פאַמעלעכן באַוויזן אַ ראַבעווע טאָן. זיי האָבן זיך געפרעגט ביי דער מאַמען און ביי די קלענערע חברה אויף „מאַנסבילן" און זיי זיינען אַוועק צום שטעטל צו.

אַזוי, אַז דאָ איז נישט קיין אָרט צו שטיין און זיך שפּיגלען: די צוויי זיינען אַוועק און אַנדערע פינף קאָנען קומען.

יעקב־בער דער מומעס, איך, דער טאַטע און פיניע דער לאַנטעך זיינען אַוועק און דורך די מעזשעס זיך דורכגעשלייכט צו די ניוועקס אַהין, צווישן די גרינע ביימלעך.

ביי די דאָזיקע ביימלעך האָבן מיר זיך שוין אַמאָל געטוליעט אין די פּאָגראָם־טעג, כאַטש נעם און אַנטשולדיק זיך פאַר זיי, וואָס מענטשן קומט אויס זיך באַהאַלטן מער ווי איין מאָל אין לעבן. דערצו זיינען נאָך די ביימלעך נישט גלאַט קיין ביימלעך, זיי האָבן אויף זיך באַלעבאַטים און בפירוש נישט קיין יידישע.

נאָר פון יענער זייט פּלויט, אַנטקעגן אונדזער באַהעלטעניש שטייט די היגע שקאָלע. דאָרטן, ווייסן מיר, אַז ביי זאַגאַראָווטשיכען באַהאַלטן זיך אויס פּריידקע און נאָך אַ פּאָר שטעטלשע מיידלעך.

אונטן אין שטעטל איז, דוכט זיך, שטיל. מער האָט מען נישט געהערט, אַז זיי זאָלן עמעצן באַפאַלן.

ערשט נאָך האַלבן טאָג האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

איין שאָס.

— ווענען???

מער ניט ווי איין יידן געהרגעט!

אַשרן דעם שוסטער (אַשערקען פּאַטשקעס). אַ מאָדנע היץ צעגייט זיך איבערן לייב און הייבט אָן קאָכן ביים האַרצן.

אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט אַט דער אָשר. שוין אַ טאַטע פון קינדער... פאַראַכטאָגן פרייטיק בין איך מיט אים געווען אין באָד. ס'האָבן זיך נישט פאַרגעזען קיין שום מניעות ער זאָל אויך היינטיקן פרייטיק און אויך איבער־אַכטאָג פרייטיק זיך שמייסן אין באָד, שטיפן און באַלאַגורעווען, ווי ער האָט ליב. נאָר אַן אידעלער באַלאַכאָוועץ האָט זיך פאַרקוקט אויף זיין וויב.

ביי איר געטאָגט און גענעכטיקט. איך וואָלט איר אַזויפיל זאַכן דערציילט וועגן זיך. איך וואָלט זיך מיט איר וועגן אַזויפיל זאַכן געעצהט.

אפשר זיך אויפהויבן און אַוועקפאָרן מיט האַק און פּאַק קיין סלאַוועשנע?

פריידקע ניט. פריידקע פאָרט שוין ניט. סיידן מען וועט זי שיקן אַהינצו אַרבעטן. דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. אָבער איך?

און דאָ הער איך אַ קול, וואָס גייט פון אַ יונגן אייזיקן, פון אַ באָרוועסן, פון אַ גליקלעכן, וואָס האָט אַלץ און דאַרף גאָרניט:

מיין פרייד,
מיין ערשטע קלייד צום לייב,
מיין יונגע זינגענדיקע פּאָר!
איינס, וואָס איך טו:
איז נאָר איך רים דיך
דעם גאַנצן טאָג.

דאָס געזאַנג גייט צו אים פון איינעם אַ מיידעלע מיטן נאָמען בוזיע, וואָס זי איז שוין נאָר דערמאָנונג. איך וועל שוין לעם איר קיינמאָל ניט זיין און דאָך לויפן צו איר שורות, וואָס זינגען זיך אַליין אויס.

פאַרוואָס איז עס? פון וואַנען זאַמלט זיך עס אַזאַ פרייד? אַזאַ מיין זומערדיקע זוניקע ליבשאַפט?!

## קאַפּיטל ניינצן

# פ אָ ר ג ע פ י ל

זאַכן, אַן וועלכע איך פלעג זייער פריי קאָנען אויסקומען דעם גאַנצן טאָג, פלעגן אָפּט קומען און מיך דערנאָך אָפּמוטשען אַ גאַנצע נאַכט.

איינמאָל בין איך שפּעט אויף דער נאַכט געקומען צו זיך אין קאַבינעטל אויף טאַראַסאָווער פערציק נאָך אַן אָוונט פאַרברענגען מיט שפּאַרבערן און מיט זיין חבר רויטקרויט, וואָס איז אַ ביסל אַ פּאָעט, אַ ביסל אַ זשורנאַליסט. יענעביידע חברה האָבן זיך די גאַנצע צייט געאַמפּערט וועגן צוויי דיכטער, וואָס איך קען זיי נאָך ניט. און אויב זיי האָבן אפילו גערעדט וועגן זאַכן, וואָס איך האָב קוים געהערט און געוואוסט, האָב איך זיך אויך ווינציקער געשטופּט מיט אַ זאָג. זיך אַנגערעדט אַ ביסל, האָבן מיר דערנאָך געקויפט קישקע, ברויט, קעז, און עפּעס אַ קלייניקייט טרינקעכץ איז געשטאַנען ביי שפּאַרבערן אין שאַפע פון אַ פריערדיקן מאָל. אָט אַזוי האָבן מיר בחברותא אָפּגעקנאַקט אַ וועטשערע. און איך ווייס ניט, צי דאָס גלעזל האָט אַזוי אויף מיר געווירקט אָדער וואָס. נאָר ווי איך האָב אין דער היים צונויפגעפירט די אויגן,

אַזוי האָט מיר דער שר־החלומות אַ נעם געטאָן אין דער אַרבעט: סאיז ראש השנה דער צווייטער טאָג אינדערפרי. וואויבען וואוין איך אין קראָסנע. די גאַס איז פּוסט, ווייל דער דאַווענער־עולם איז שוין פון אַ שעה אין שול... וואו ניט וואו גייט דורך אַ יידענע, וואָס דאַרף אָנזויגן אין דער היים דאָס קינד אָדער צוזען אַ חולה. ניט איינע פון זיי איז ענלעך אויף בוזיען. אַז זי טוט צו מיר אַ שמייכל פון דער ווייטנס, ענטפער איך איר מיטן זעלבן. אַ ראָטע סאָלדאַטן מאַרשירט איבער דער גאַס צו דער ווייסער טורמע צו, און ס'איז ווייטער שאַ.

מיך פירט מען אין טורמע אַריין (שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, דערפאַר בין איך ניט איבעריקס דערשראָקן) אַ קירפּאַטער סטראַזשניקל, וואָס איז אויסן פנים איינגאַנצן אַ סריס, נאָר ער גייט אין אַ פאָרמע.

אין שטאָטישן פּאַרק זיינען די בלעטער געל. די זון קלעפּט זיך צו זיי זייער מאָדנע, זי האָט דעם אויסזען פון אַ מיוחסדיק ווייבל, וואָס מונטערט זיך אין אַ שווערן תענית. ווען־ניט־ווען טוט זי אַ בלישטשע מיט שלאָפן חן, נאָר אָט ווערט זי צוריק בלייך און אומהיימלעך. מיין „נאַטשאַלניק״ טרייבט מיך אונטער, איך זאָל גיין אַ ביסל גיכער, נאָר איך גיי אומיסטן פּאַמעלעך. וואָס האָב איך קיין צייט ניט?... יענער מאַכט זיך אַ האַרץ און גייט מיר נאָך. אויף זיין קורץ איינגעשרומפּן נעזל, איבער זיין אַלטן סריסדיקן פּנים איז צו דערקענען, אַז לויט דער טבע איז ער גאָר ניט אַזאַ גרויסער קפדן... פּלוצים דערזע איך אַ מאָדנע בילד: אַ פור מיט רויטע צוויי אָקסן. דער פּויער, וואָס טרייבט אָן, זיצט פון פאָרנט אויפן סאַמע ברעג דראַבינע. אינעם אויסגעבעטן וואָגן ליגט איבערגעדעקט אַ גרויס און אַ לענג פון אַ מענטשן. ס'איז אַ פרוי. ס'איז פּאָליע. נאָר מיט מיר קען זי זיך ניט. איך בין דאָך ניט איך. איך בין אַ קראַסנער. נאָך דער פור גייט נאָך אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד אין אַ וואָכעדיקן לעטניק. פון מיין טאַטן איז ער, דוכט זיך, אַ ביסעלע בידעריקער אין וואוקס, נאָר בעסער און צוגעלאָזענער לויט דער נאַטור. דערצו איז ער פאַרשעמט, וואָס ער איז איצט ניט אין קלויז צוזאַמען מיט אַלע יידן.

דער אַלטער האָט מיט אַ געפאַלענעם קול אַ פרעג געטאָן ביי מיין עלטסטן, וואו איז דאָ ערגעץ דער געבורט־הויז. אויב דאָס ווייבל איז זיין ווייב, בין איך אים פונדעסטוועגן מקנא. אַ שיין ווייבל אין גוטן לייב מיט אַ פיינעם פּנים. זי איז נאָר איצטער היפּש פאַרקלעמט, וואָס דאָס האָבן גייט איר ניט כשורה. און אָט פירט מען זי אין דער גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטאָר. איך האָב חרטה אויף מיין פאַרנומענקייט. ווען איך בין איצט פריי, וואָלט איך דאָך געהאַט אַ ים מיט אַרבעט. דהיינו: לויפן פאַרן וואָגן און ווייזן וואו איז דאָ דאָס געבורט־הויז. אָנטרייבן די אָקסן, זיי זאָלן גיין גיכער. העלפן אַראָפּ־טראָגן דאָס ווייבל. איצט האָט זי זיך ניט וואָס צו שעמען. ווי באַלד זי איז אַ שלאָפע, איז זי ביי אונדז אין די הענט. בכלל האָב איך די רעכט זי אָפּ־

ריידן פונעם אַלטן. זי איז מיר געפעלן. סע געפעלט מיר, וואָס איר יונג פּנים איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ סךליידן. איך קען אויסקומען מיט אַזעלכע מענטשן. מיט אַזעלכע מענטשן איז מיר פּשוט גוט...

וואָס איז ווייטער געווען, געדענק איך ניט אַקוראַט. איך געדענק נאָר, אַז איך זוך איבער גאַנץ קראַסנע אַ באָד. נאָך מיין פאַמיליע־דראַמע בין איך צו אַ סך זאַכן געוואָרן גלייכגילטיק אויסער אומריינקייט. איך קאָן ניט זען אין שטוב קיין מיסט אויפן דיל. איך קאָן ניט ליידן, טאָמער קריכט אויף מיר עפּעס אַרום. איך זוך אַ באָד. איך בין שוין, דוכט זיך, געווען אין איינער, אין דער צווייטער, שוין אפילו אַ ביסל געשוויצט, נאָר זיך ניט געוואַשן. אין איין באָד איז צו ענג. אין דער צווייטער טו איך זיך ניט אויס, איך ווייס ניט פאַרוואָס. און לעם איין באָד טרעף איך ווייטער יענע פור מיט די רויטע אָקסן און דאָס ווייבל אויף דער פור. יענער אַלטינקער צוזאַמען מיט נאָך אַ יידן האָבן געבראַכט צו פירן דאָס ווייבל פון געבורט־הויז אין מקווה אַריין.

זי איז אַזוי לייביק, יונג און שיין. איך זע זי אַ נאַקעטע, כאָטש איך ווייס, אַז זי איז טויט, ווייזט זיך אַרויס, אַז ס'איז געבליבן אַ שיינער מנהג טובלען די טויטע. זיי מטהר זיין דאָ אין דער אַלגעמיינער מקווה, וואו אַלע באָדן זיך. איך בין זיך אויך מתעסק מיט איטלעכן און איך פיל צו איר גלוסטונג, מענער־גלוסטונג. אינטערעסאַנט. וויל איך וויסן, וואָס האָט זי געבוירן און צי וועט דער אַלטינקער נאָך איר שטאַרק וויינען, ווען מען וועט איר אָפּטאָן איר רעכט. ווען ער וועט שוין קומען צו זיך אין שטעטל אַריין אַליין?

מיר פאַלט איין אַ געדאַנק זיך טובלען צוזאַמען מיט איר און מען וועט אונדז אפשר צוזאַמען מיט איר באַהאַלטן.

איך האָב מורא פאַר אַ בילבול, דאָך זוך איך דעם פורמאַן, איך זוך דעם בעדער, איך וויל עפּעס דערגיין. רירן ריר איך זיך זייער צעקראָכן, און ווייס ניט פאַרוואָס. נאָר דאָ קומט איינער איציק שענקמאַן, איך קען אים, ער איז אַ סלאָוועשנער, און ער גיט אַ זאָג מיט זיין באַפעלערישן טאָן: „שטעלט זיך אָפּ, קינדער! גענוג געבאַלעוועט. איר וועט פאַרן קיין קיעוו זיך לערנען!"

איך כאַפּ זיך אויף. אין צימער איז שוין ליכטיק (זומער ווערט פרי טאָג), מיך ציט נאָך צום שלאָף, נאָר אויפן בענקל לעם מיין אייזערנעם בעטל ליגט אַ בריוו. אַ צונויפגעלייגט גראָב ברייטל אַן אַ קאָנווערט מיט אַן אָפּגעריבענעם אַדרעס פון לאַנג ליגן אין אַ סך קעשענעס.

נו, יאָ, ס'איז פון פאַליען אַ בריוו. געוויס אָנגעקומען מיט עפּעס אַ געלעגנהייט. די באַלעבאָסטע האָט עס מן הסתם פאַר מיין קומען אַוועקגעלייגט אַהער אויפן בענקל. ליגט עס און סע שוויגט. סע וויל ניט דערמאָנען וועגן זיך, ביז איך וועל זיך אַליין אַרומקוקן. און איך, איך האָב ניט געוואָלט אין דער רגע קיין דערמאָנונג וועגן קיין צווייטע היימען. אַ היים דאָ אויף טאַראַ־סאָווער גאַס, דאָ צווישן די בייזע חברים, און אַ היים דאָרטן ביי אַנשלען דעם שוחט אין דער דירה, וואו פאַליע איז געבליבן איינע אַליין פון אַזאַ יאַריד. פון אַזאַ מין שטוב מיט מענטשן. איך וואָלט זיך וועלן אויסדינגען מיט עמעצן.

האָב איך ניט מיט וועמען. ריידן אַ ביסל מיט שפּאַרבערן, ער איז אַ וואוילער בחור, ווייסט ער נאָך ביי מיר בכלל פון גאָרניט, סיידן פריידקע האָט אים עפּעס אַמאָל אַ זאָג געטאָן. און ביי מיר איז געפּועלט, איך זאָל אינגאַנצן ניט אויפשטיין. איך וויל ניט. אין מיין נייעם צושטאַנד וויל איך ניט ליידן אפילו די מינדסטע זאַך, וואָס קאָן מיך קימערן, וואָס קאָן מיר פּאַרטונקלען מיין לעבן. און איציק שענקמאַן, פון וואַנען האָט ער זיך גענומען אין מיטן דרינען? ער האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע — איטלעכן שיקט ער זיך לערנען! נאָר ער אַליין זיצט אין דער היים. מילקע פאַרט דאָך שוין אויך קיין קיעוו. זי איז מחויב היינט־מאָרגן זיין.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# פּאָליעס בריוו

פריידקע איז געקומען צו מיר, ווייזט אויס, זיך עצהנען וועגן שפּאַרבערן, נאָר זי הייבט ניט אָן גלייך פון דער זאַך. ס'איז ניט אַזוי גרינג. דערווייל האָט זי איבערגערייכט פּאָליעס בריוו. פריידקע כאַפּט זיך אָן אין אַ בריוו פון דער היים מיט גרויס אימפּעט.

פּאָליעס בריוו איז אגב געשריבן צו איטלעכן: צו מיר, צו פריידקען און צו מילקען. לויט איר חשבון דאַרף שוין מילקע זיין אין קיעוו. אין דער אמתן אָבער, האָט זיך מילקע פאַרהאַלטן אין קראָסנע ביי די אייגענע.

פּאָליע שרייבט:

— „טייערער אייזיקל! איך וועל שוין מער ניט גיין צו דיין טאַטן עסן קיין שבתדיקן וואַרמעס, וואָרום ער האַלט דיך אין איין שעלטן און דאַן קריכט מיר דער וואַרמעס אויף צוריק. יעקב־בער האָט אים סך־הכל אַרייַנ־געגעבן אין די אויערן, אַז איך האָב דיך געמאַכט פאַר אַן אפּיקורס. אַז ווי דו ביסט נאָר אַוועקגעפאָרן, האָב איך פאַרקויפט דעם טלית דייַנעם פאַר זעכציק טויזנט רובל סאָוועטסקע געלט. אַ ליגן אויף אַ ליגן און מיט אַ פּאָר ליגונים צוגעסטריגעוועט. די מאַמע איז דווקא בעסער צו מיר. זי גיט מיר אַמאָל אַן איי, נאָר איך בין זיי דאָס אויך מוחל. איך האָב אַליין געקויפט אייער און פּוטער האָב איך אייגענע און וואַרמעס עס איך אין קינדערהיים. די שוחטקע פּוצט זייער די שפּראַך, סע מעג דיר באַנג טאָן, וואָס דו הערסט ניט. יאָ, אייזיקל, זיי פריילעך. דיין אַוועקפאָר איז געווען מזלדיק צו די טאַפּליעס. כ'האָב פאַרקויפט די טאַפּליעס און דווקא טייער. צו צען פונט אַ טאַפּליע. און אַזוי ווי דער ייד האָט ניט קיין קאָרן, האָט ער מיר באַצאָלט מיט געלט. איך וויס גאָרניט, וואָס מען טוט מיט דעם, איך דאַרף עס אויף גאָרניט ניט האָבן. ווי דו ווייסט, האָב איך קיינמאָל אַזעלכע געלטער ניט פאַרמאָגט. 500 רובל אַלטע ניקאָלאַיעווסקע געלט און דער עיקר נאָך אין איין פּאַפּירל. און

דערום בין איך ניט געווען פויל און גיכער אַוועקגעטראָגן דעם ת״קער (500 רובלדיקן) צו דער מאַמען. זאָל די מאַמע אויף דעם אַכטונג געבן. איז וואָס זאָל איך דיר זאָגן, אייזיקל? ס'שוין אויף אים דאָ אַכציק פּלענער. דיין מאַמע איז געקומען צו גיין צו מיר, איך זאָל בעטן גאָט, אַז די האַרבאַרניעס זאָלן אָנהייבן אַרבעטן, וועט זי קויפן פאַר די געלט עטלעכע פּעלכלעך און וועט זיי אַריינגעבן אין דער אַרבעט און די פּעלכלעך וועלן האָבן נאָך פּעלכלעך. בקיצור, מיר וועלן ווערן די אמתע נגידים. איך וויל זיך אַזש אירצן. ווי איך פיר אויף מיט די אויגן, אַזוי זע איך פאַר זיך די טויזנטער, וואָס ליגן שוין ביי אונדז באַהאַלטן, און אויף כפּרות, אייזיקל, דאַרפן מיר די קורסן, אַז מען איז רייך, מעג מען שוין זיין ווינציקער געלערנט. כבוד וועלן מיר שוין סיי־ווי האָבן. אויב אַזוי איז שוין אפשר אַ סברא, אַז דו זאָלסט קומען אַהיים און געענוג. נאָר, אייזיקל, כאַפּ זיך נאָך ניט. ס'איז ערגער געוואָרן אין די אויגן. מען זאָגט אַז ת״קער גייען ניט אָן. דריבנע איז בעסער. נאָר... דיין מאַמע טרייסט מיך. זי זאָגט, אַז ס'איז גאַרניט. הלוואי האָבן מיר אַ טויזנט ת״קערס אַזעלכע! — הערסט? — איז דאָך שוין צוריק גוט. אויב דו ביסט נעענטער צו גאָט, בעט אים דו פאַרן ת״קער, וואָרום איך אַליין ווייס ניט פאַרוואָס פריער צו בעטן. צי זאָל איך בעטן, אַז דיין מאַמעס האַר־באַרניע זאָל זיך עפענען. צי זאָל איך בעטן, אַז איציק שענקמאַן זאָל מיך אַ ביסל ווינציקער ליב האָבן, צי דו זאָלסט מיך גיכער איבערנעמען קיין קיעוו און איך זאָל פּטור ווערן פון אַלע צרות.

אוי, אייזיקל, ווען איך גיי מיט דיר צו אַ רב, וואָלסטו ניט האָבן וואָס צו טענהן. עפּעס מיט מיר דערלויבסטו זיך מער, ווי דו וואָלסט זיך דערלויבט מיט וועמען ס'ניט איז. דו ביסט גאַרניט קיין שלעכטער, נאָר דו קלערסט אוודאי — זי האָט שוין פאַרזוכט אַזויפיל צרות אויף איר לעבן, וועט זיך ניט אָנזען אויב זי וועט האָבן נאָך אַ ביסל. אוי, אייזיקל, — דו ביסט גאַרניט ווערט, איך זאָל נאָך דיר אַזויפיל בענקען. נאָר ווען מען קאָן שטעלן אַ סטאַראָזש אויפן האַרצן! און איציק שענקמאַן האָט מיך דווקא ליב. ער איז לייטישער פון דיר טויזנט מאָל. קומט נאָר דער אָוונט אַזוי כאַפּט ער זיך אַריין, זעצט זיך אַוועק אַנטקעגן מיר, שפּאַרט זיך אָן אויפן טישל און נעמט שיטן מיט פילאָסאָפיע. אַזוי איז ער דווקא אַ בעריאַק, אַז די גאַנצע שטאָט ציטערט פאַר אים און דאָ בלייבט ער זיצן אַזוי, אַז איך האָב אויף אים אַזש רחמנות. איך בין אַ נאַרישער פּנים. ווען איך ווייז אים אַ שיינעם פּנים וואָלט איך געווען געהויכט און געקרוינט און די גאַנצע שטאָט וואָלט מיר אָפּגעגעבן כבוד. עפּעס אַ קלייניקייט? שענקמאַנס אַ מקורב, און אַזוי בין איך פאַרשעמט און פאַרשטויסן, אַז עטל די אלמנה מיט די זיבן קינדער איז שוין ראַטשילד אַנטקעגן מיר... זאָג מיר, אייזיקל — שעם זיך ניט. דו קלערסט מיך דאַרטן טאַקע איבגאַנצן אַוועקוואַרפן? קאָפּ דיר אין קישן. איך וועל סיי־ווי פאַר קיין אַנדערן ניט חתונה האָבן, כאָטש ס'האָט זיך שוין אָפּגעזוכט אַ בעלן און אַ פיינער בעלן, וועמען איך בין שיין אין די אויגן. ווען איך בין דיר כאָטשבי

אַ צענט־חלק אַזוי געפעלן, וואָלסטו מיך געהאָלובעט און געקושט און וואָלסט קיינמאָל אָן מיר אין ערגעץ ניט אַוועקגעפאָרן.

טייערע פריידקע, ווען דו ביסט דאָ, וואָלט מיר אייזיק אָפּגעגאַנגען נאָר האַלב, און אַזוי גייט ער מיר אָפּ אינגאַנצן. זאָלסט וויסן, אַז דיין מאַמע איז גאָרניט אַזאַ גוטע. איך האָב זי געבעטן, זי זאָל שיקן צו מיר מערעלען נעכטיקן, האָט זי טאַקע ניט געשיקט. און מיר איז דאָ פריילעך צו שלאָפן אויף אַזעלכע צווויי זאַלן מיט אַ קיך, מיט אַ שטאָל. און פון יענער זייט טיר ביי די באַלעבאַטים שלאָפט נאָך יאַנקע מיט זיינע 21 יאָר און מיט דער פאַלנדיקער קרענק!... הער נאָר, דו קערסט שוין זיין אַ גאַנצע קיעווער באַרישניע. זאָלסט כאָטש זען, ווי די גראַבע פיס זיינען דיר מקנא. סע פאַלן פון איר שטיקער ממש. זאָלסט זען ווי זי לאַשטשעט זיך צו מיר. איך וואָלט מיט איר דווקא קאָנען ווערן חבר. זי איז אויך אַ ביסל אַן „אלמנה". זי האָט אים אויך ליב, דעם ברודער דיינעם. פרעג זי — פאַרוואָס.

נו, און שענקמאַן האָט שוין צוגעהאָלפן, אַז מילקע זאָל אויך אַוועקפאָרן. מיך אַרט ניט. זאָל זי זיך לערנען. פאַר אייך איז אויך גלייכער זיין דאָרטן. איר וועט צו עפעס קומען. איך ווייס נאָר ניט פאַרוואָס איז אויף מיר אויסגעגאָסן געוואָרן די שטראָף, איך זאָל זיצן און היטן סלאָוועשנע. וואָס קער איך זיך אָן מיט אייער שטאָט? שענקמאַן איז דיר עפעס געפעלן, פריידקעלע? מיר געפעלט ער קיין קאָפּ ניט. די שטאָט רעדט שוין וויפל זי וויל אַליין, נאָר מיר אַרט עס ניט. ס'מיר סיי־ווי אַלצאיינס.

זינט איך אַרבעט אין קינדערהיים, האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען אַ סך מער פּראָדוקטן און מאַטעריאַלן צו באַנייען און באַקליידן די קינדער. איך וואָלט וועלן אויפנייען אייזיקן אַ העמדל. בין איך געווען אין פאַראיין, האָט מען געגעבן פאַר מיר פיר אַרשין זומערדיקע סחורה און פאַר אים וויל מען ניט געבן. ווערסטו אפשר זאָגן, אַז זיי זיינען ניט קיין חזירים? ער האָט קאַרג געאַרבעט?... נאָר, אַז איך וועל דאָרטן טרעפן שענקמאַנען, וועל איך סיי־ווי איינמאָנען. איך וויל אים אויפנייען אַ העמד און צושיקן. זאָל ער וויסן מיין גוטסקייט.

מילקעלע, ווי דו וועסט קומען קיין קיעוו, זאָלסטו מיר אָנשרייבן און איבערשיקן דורך קראַסנע — וועט אָנקומען. זאָלסט וויסן, מילקעלע, ווי דו גייסט מיר דאָ אָפּ. דו ביסט כאָטש אַ מבין ווי איך בין געבליבן היטן סלאָ־וועשנע?... ווי קלערסטו, אפשר האָט זי געמעגט ברענען, איידער איך האָב זי דערקענט? כאָטש, אַז איך קום צו די קינדער אין קינדערהיים, ווער איך אינגאַנצן אַן אַנדערע. דאָרטן זיינען דאָ אַזעלכע ווי וואָוועלע, אונדזער ברכהקעס און ווי רחלע. ווער אָן אַ מאַמען, ווער אָן אַ טאַטן און מיט זיי בין איך שטאַרק חבר.

איך האָב אייך ניט געשריבן, קינדער, אַז פון אָשרן מיט שואלן מיט רחלען איז געווען אַ בריוו. זיי זיינען פאַרפאָרן בשלום. איך האָב אייך אים

געווען איבערגעשיקט מיט רחלען דעם קצבס, נאָר ער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן מיט דער גאַנצער פֿאָסילקע״...

פֿריידקע האָט לאַנג געשוויגן. זי מישט זיך ניט אין מיינע ענינים. זי איז שטאַרק אָנגעהאַנגען אין מיר. דאָרטן, וואו זי וואָלט געהאַלטן יעדן איינעם פֿאַר אומגערעכט, מיינט זי אויך, אַז איך בין מן הסתם ניט שולדיק. נאָר איינס צום אַנדערן האָט ניט. פֿאַר פֿאַליען טוט איר ווי דאָס האַרץ.

און דעם שמועס נאָך וועלכן זי איז געקומען, האָט זי שוין, ווייזט אויס, נישט ווילנדיק אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל.

---

געשטאָרבן אַ מענטש — אַוועק אין דער אייביקייט. ווען דער מענטש זאָל ניט האָבן צו דיר קיין מינדסטע שייכות, וואָלט זיין נאָמען געוויס געווען צווישן נאָך טויזנטער נעמען, וואָס דו קענסט ניט און ווייסט ניט און האָסט וועגן זיי קיינמאָל ניט געהערט.

ניט וויסן, ניט קענען, ניט געדענקען, ס׳איז אַ גרויסע היילונג פֿאַרן מענטשנס נשמה.

פֿאַליע איז געגאַנגען האָבן דאָס יינגעלע צי דאָס מיידעלע, מיט וועמען זי וועט זיך אויסטענהן, אויסריידן דאָס האַרץ, בשעת סע וועט אויסוואַקסן. זי האָט שוין מיט דעם פֿיל געטענהט אין די איינזאַמע נעכט (ביי אַנשל דעם שוחט אין די דירות), נאָך איידער זי האָט עס געבוירן. און אַז עס איז געבוירן געוואָרן אַ קינדעלע מינט הענטעלעך און מיט פֿיסעלעך, אַ מיידעלע, אַ טאָכטער — האָט זי זיך אַליין געוואָלט אָנהייבן אירצן: אָט, קומט די פֿרייד אין איר האַרצן. נאָר ביי איר, ביי פֿאַליען, משולם דעם בראַקערס טאָכטער, איציק דעם האַרבאַרס ווייב, גייט עס ניט צו אָן מניעות. דאָס קינד האָט זי געהאַט אַ געזונטס און אַ שיינס און דאָס אָרט, דאָס אָרט וויל דער בויך נישט אַרויס־לאָזן. קומען איר צו פֿרישע ווייטיקן, קומט איר צו גרויסע היץ. מען סודעט זיך, מען לויפֿט אום ווי די פֿאַרסמטע, מען טוט אַלערליי סגולות און גאָרנישט העלפֿט ניט. ס׳ניטאָ קיין אַנדער עצה, סיידן שפּאַנען פֿערד און זי פֿירן ראַטעווען קיין קראָסנע. פֿאַרט אַ שלאָפֿע קינפּעטאָרין, פֿאַרט מיט אַ פּיצינק עופֿהלע ביי דער זייט. און נאָכן וואָגן גייט נאָך אַ ייד מיט אַ סיווער באָרד, מיט אַ געשלאָגענעם געמיט — דאָס איז מיין טאַטע. ער גייט פּאַמעלעכע טריט. ער קלערט פּאַמעלעכע מחשבות. פֿאַר דרייסיק ווערסט קען מען אָנ־קלערן גאַנצע פּעק. ער האָט אַ דין תורה מיט אַ זון, וואָס איז שוין ניט קיין חדר־ייִנגל, נאָר אַ בר־דעת, אַ מענטש מיט געדאַנקען. אדרבא, דו ביסט דאָך אַ היינטיקער, איר שלאָגט זיך פֿאַרן אמת. וואו איז דיין אמת? און אָט איז שוין קראָסנע.

פֿאַליע ליגט פֿיר טעג אין קראָסנער געבורטס־הויז. אַהינצו לויפֿט אום מילקע, ס׳קומט אַמאָל וואָווע. סע וויינט מיט ביטערע טרערן ברכהקע. און דער טאַטע מיט מיין קלענערער שוועסטערל זיינען אויך דערביי.

אויפן פינפטן טאָג האָט דער קראָסנער געבורט־הויז אָפּגעגעבן די קרובים דאָס קינד אַ לעבעדיקס, די געווינערין מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס האָט ענדלעך דערוואָרבן רו און מיט אַ פּנים — וואָס האָט דאַכט זיך, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר זיך גלייך צוריקגעהאַלטן: ווי איינער מיינט, מילא, סיי־ווי וועט מיינס מוזן איבערגיין.

אויף דער גאַס לעם דעם געבורט־הויז האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ סך מענטשן. אפילו זייטיקע און פרעמדע האָבן זיך אָפּגעקערט און געווישט די אויגן, נאָר איינער אַ נאָענטער, אַן אייגענער, וואָס האָט געמוזט זיין נויטיקער ווי אַלע, איז דאָ אָפּגעגאַנגען. מענטשן זאָגן, אַז מען האָט אים אפילו געגעבן צו וויסן און ער איז ניט געקומען.

אויב ס׳איז ריכטיק, וואָס מילקע האָט איינמאָל ניט ווילנדיק אויסגערעדט, האָט זי די שוועסטער צוגערופן אַ מינוט פאַרן אויסגיין און איר געזאָגט:

— מילקעלע, גלויב ניט קיינעם. ער איז אין גאָרנישט ניט שולדיק, האָב אים ליב.

דעם יונגן בר־מינן האָט מען באַהאַלטן אין קראָסנע אויפן אַלטן פעלד. אָן אַ מצבה, אָן אַ שטיבל, אָן אַ סימן אפילו. און דאָס ברעקעלע געדעכעניש פון דער ליבסטער שוועסטער האָבן מילקע, וואָווע און בראָכקע פאַרגלויבט מיין טאַטן מיט דער סיוועך באָרד און מיין מיטלסטער שוועסטערל. זיי זיינען מיט דעם אַוועקגעפאָרן אויף אַן ענגן באַלעגאָלישן וואָגן, אַהיים צו זיך.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# איך באַזוך סלאָוועשנע

חוץ באָפען האָב איך קיינעם נישט דערציילט, וואָס סע איז געשען. איך בין געגאַנגען אויף ליטעראַרישע אָוונטן, געשריבן לידער, געקריגן בריוו פון די אייגענע און זיך געשעמט אומקערן אַהיים.

די מאַמע שרייבט מיר:

„מיין געטרייסטער זון, אייזיקל, לעב גליקלעך ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אָמן. איך שרייב דיר די בריוו זונטיק איינדערפרי, דעם צווייטן זונטיק נאָך פּסח. דיין שוואַרצע האָב איך ערשט דורכגעטריבן אויף דער פאַשע און ברכהלע די קליינע זיצט אויף דער סאָפּקע און שפּילט זיך מיט דער קאַץ. זי וויל שוין זייער זען דעם טאַטן און איך וויל עס נאָך בעסער. קום צופאָרן”...

דאָס יינגסטע שוועסטערל באַדאַנקע שרייבט:

„מיינע טייערע קינדער, וואָס מאַכט איר עפּעס? אייזיק שרייבט, אַז ער בענקט נאָך קאַרטאָפליעס מיט זויערמילך. איך בין דאָס דווקא ניט זשעדנע. איך זאָג צו ברכהלען דער קליינער — לאָמיר זיך קוקן אין די אויגן. לאָמיר

זען וועמענס טאַטע איז אַ גנב. לאַכט זי און זאָגט מיט די אויגעלעך: 'מיין טאַטע איז אַ גנב, ער האָט אַמאָל אָוועקגעגנבעט ביי דעם זיידן קאָרן'. פון רחלען און פון אָשרן די בריוו האָבן מיר אַוועקגעשיקט צו דיר מיט רחל שיפּרעס. דער טאַטע אַרבעט אין זאַוואָד. מען האָט אים שוין געגעבן דריי פּוד מעל און צוויי פונט צוקער. דער טאַטע האָט דיך ליב, אַז דו אַרבעטסט מיט אים אינאיינעם. נאָר אַז דו זיצסט אין קיעוו, הייסט ער דיר שרייבן שלעכטע ווערטער. שרייב אים אָן אַליין. אפשר וועט ער זיך מיט דיר איבערבעטן. אייזיק, איך זיץ אין אַלקער ביים טיש. אויפן טיש ליגט דיין פּושקע מיט סאָדע. דער האַלבער שפּיגל. דאָס קינד שלאָפט און סאָפּעט געשמאַק. פריידקע, איך וועל דיר שרייבן אַ ביסעלע, ווייל דו שרייבסט מיר אַ קאַפּעלע. איך קריך יעדן מאָל מיטן עמער אינעווייניק אין ברונעם און שעפּ אָן מיט אַ שערבעלע אָן עמער וואַסער.

פריידקע, דער טאַטע איז אויף דיר ברוגז. ער זאָגט, אַז דו דאַרפסט ניט קיין קורסן. דו דאַרפסט זיצן אין דער היים, אַזוי ווי אַלע לייטישע מיידלעך טוען... שיינדל יצחקס איז ביי אונדז פריער אַ ביסל געווען. זי האָט זיך געשפּילט מיטן קינד. אַז מיר האָבן זי דורכגעפירט מיטן קליינעם געסל אַהיים, האָט זי מיר מיט סערעלען געגעבן אַ קוש. איך שרייב אייך מאַנטיק אויפדער־באַכט. פון מיר אייער שוועסטער באַדאַנע".

מערעלע וועט אַליין שרייבן:

„טייערע קינדער, — שרייבט מערל, — ס'אַרט מיך גאָרניט. ס'אַרט מיך נאָר, וואָס איר קומט ניט אַהיים. ביי אונדז איז אַלעס אין אָרדענונג. שיינדל, יצחק דעם קלייטניקס קומט צוגיין אַלע מאָל און לייענט אייערע בריוולעך. זי איז זייער גוט מיט דער קליינער ברכהלען. זי זאָגט, אַז זי איז אַ שייניקע מיידעלע. פאַרבלייבט געזונט. אין נאָך אַ בריוו וועל איך אייך שרייבן אַלעס פּאַדראָבנע. נאָר בעסער קומט צופאָרן. פון מיר אייער שוועסטער, וואָס וואַרט אויף אייער קומען, מערל. מילקע איז געווען אין סלאָוועשנע. קאָן זיין, אַז זי זאָל זיך באַשטעלן פּאַר אַ לערערין".

דער קלענסטער, דער מיזיניק, פילט זיך אויך ניט שרייבן. ער איז אַ שוואַרצינקער, אָן איידעלינקער, נאָר די אויגן בלישטשען.

„מיין טייערער ברודער, — שרייבט ער, — און מיין טייערע שוועסטער. איר פרעגט אין בריוו וואו איך לערן. איך גיי צו כייעסן לייטשקיס און איך קען אייך אַרויסשרייבן, וואָס איך לערן: שמואל ב' תנ"ך און פּרקים ראשונים, חלק שני. וואָס מאַכט איר דאָרט? ביי אונדז איז געווען מילקע. קאָן זיין זי זאָל זיך דאָ באַשטעלן פּאַר אַ לערערין".

---

איך באַקום בריוו און איך ענטפער אויף בריוו. סע זיינען אויך דאָ בריוו פון מילקען. סע זיינען דאָ בריוו פון שיינדלען. אַמאָל שרייבן זיי צו פריידקען, אַמאָל צו מיר. אָבער מען מיינט סיי־ווי אונדז ביידן.

מיר קומט שוין האָנאָראַר. מען האָט שוין גענומען ביי מיר זאַכן.

אין „קולטור־ליגע״ האָב איך אַנשטאָט האָנאָראַר גענומען ביכער. ביכער זיינען געלט (אין קראַסנע וועל איך זיי אָפּגעבן אין אַ ביכער־קראָם, וועל איך האָבן אויף דער הוצאה) און איך בין אָוועקגעפאָרן זיך זען מיט דער היים.

פריידקע האָט מיך באַגלייט. שפּאַרבער האָט מיר געליען זיין ליכטיקן רעקל און איז אויך געווען ביי דער באַן. ער זאָגט, אַז ער איז מיר מקנא, וואָס איך פאָר צו היימישע ברעגן.

ס׳איז טאַקע גוט צו פאָרן. מיט גרויס פאַראַד האָט מיך באַגעגנט אויפן קראַסנער וואָקזאַל אַנשעלע דער בעל־עגלה. אַ יונגער חברה־מאַן, אַ קלוגער, אַ דורכגעטריבענער. ער האָט גראָדע אַ געפיל אין מענטשן.

— אייזיק, — מאַכט ער, איך האָב דיך געזען אין בלאַט: אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי דו שרייבסט קלוג.

און שוין אויפן וואָגן, פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין האָט ער מיר דער־ציילט:

„דו מיינסט מיר האָבן ניט דערקענט פּיטלען די ציג אַן אָפּגעשונדענעם, כאָטש דו האָסט אים איבערגעמאַכט דעם נאָמען. הערסטו, אייזיקל, דו ביסט אַ נאַש־בראַט, זאָלן דיר קיינמאָל די הענט ניט וויי־טאָן!

אַנשלס קאָמפּלימענט איז מיר געווען צום האַרצן. ס׳זיינען מיר אויך געווען צום האַרצן די קראַסנער באַקאַנטע. איך באַגעגן שוין אויך סלאָוועשנער. מען נעמט מיך אויף פאַר אַ גאַסט.

אַ מאָדנע זאַך. קיינער רעדט מיט מיר ניט פון דעם, וואָס איך האָב אַ גאַנצן וועג מורא געהאַט, אַז מען וועט מיט מיר ריידן.

מיר איז ליב און באַקאַנט דער שליאַך פון קראַסנע אַהיים. די ווינט־מילן, די קרעניצעס, די דערפער אין מיטן וועג און די ברייטע גריבע פעלדער, פון אַלץ טראָגט זיך עפּעס אַ לויטערער געזאַנג און כוואַליעס אַזעלכע צעגייען זיך איבער אַלע איברים.

די מאַמע און די קלענערע קינדער האָבן זיך געפרייט מיט מיר. דער טאַטע האָט זיך כלומרשט געהאַלטן פון דער ווייטנס. אָפּגעגעבן שלום און זיך ווינציק וואָס דערפרעגט.

דאָס מיידעלע איז אַ גראָבס און אַ שווערינקס. זי גייט צו מיר אויף די הענט, כאָטש זי זעט מיך דאָס ערשטע מאָל. און פאַלט צו מיר צו זייער צאַרט.

שבת נאָך מיטאָג זיינען געקומען קרובים. אַ פּאָר פון זיי האָבן אפילו צוגעשיקט קוגל און לעקעך „מיט די געסט״. איך האָב געוואָלט זען אַ סך און אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך איצט אין דער היים. איך האָב אויך געדאַרפט גיין צו שענקמאַנען מיט אַ וויזיט און דאָך האָב איך צוליב געוויסע אומבאַק־וועמלעכקייטן עס אַלץ אָפּגעלייגט אויף אַ צווייטן טאָג.

די בעטן מיינע, זאָגט די מאַמע, האָט אָפּגעקויפט פּיטלס יונג פּאָר־

פֿאַלק. די טאָכטער זייערע האָט זיך דאָך געגומען מיטן יונגן פערדהענדלער. צי וועל איך ניט זיין ברוגז, וואָס זי האָט זיי פאַרקויפט די בעטן און ביי מיר ניט געפרעגט?

די זעלבע פראַגע האָט מיר פֿאַרגעבן דיניע די פּעטשעריצע. איך האָב זי ליב אָט די אַלטע. איך האָב ליב לעם איר זיך אָפּשטעלן און מיט איר ריידן: זי, אַז זי דערזעט מיך פֿאַר אַ ווערסט, שרייט זי צו מיר: „מענטש, מענטש! שאַ דען טאָ מענטש" — אויף אונדזער לשון דאַרף עס הייסן: „קוק ניט, וואָס דאָס לעבן מאַכט דיר אַזעלכע שטיק. לעב און געגוג, וואָרום מיט יעדן דורכגעלאָזענעם טאָג ווערסטו אָרעמער.

איר מאַן איז געווען אַ מחבר. איצט טוט מיר ערשט באַנג, פֿאַרוואָס האָב איך זיך צו אים אַמאָל ביי זיין לעבן ניט גענוג צוגעקוקט. עפּעס אַ קליינינקייט, אַ מענטש איז אַליין אַ מחבר. איך געדענק זיין ספר מיט די ראָזע טאָוועלעך, „מקרא מפורש" האָט דער ספר געהייסן...

באַדאַנקען און יענע צוויי קינדער האָב איך געזאָגט, אַז אינגיכן וועלן מיר זיי אויך נעמען קיין קיעוו. נאָר מיר־זאָל־זיין פֿאַר דער מיטלסדיקער, ס'אַרא שעמעוודיקע זי איז: שבת נאָך מיטאָג, ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפֿן, זע איך ווי זי זיצט און קוקט אַריין אין אַ בוך. איך גיי צו, ס'איז דער זשורנאַל, וואָס ס'איז דאָ מיין ערשטע זאַך. זי האָט עס שוין גענוג מאָל געלייענט, נאָר זי האָט מיר געוואָלט אָנטאָן פֿאַרגעניגן. זיצט זי זיך מיט די צוויי אויסגע־פֿלאָכטענע צעפּלעך און קוקט אַזוי שטיל אין די צעעפּנטע בלעטלעך, און אַז איך האָב געזאָגט, אַז מירן זיי נעמען קיין קיעוו, האָט זי גאָרניט געענטפֿערט. ס'האָבן זיך איר נאָר געשטעלט טרערן אין די אויגן.

זי האָט אויף מיר רחמנות, נאָר זי וויל ניט איך זאָל עס זען.

זי האָט פֿאַר מיר דרך ארץ, נאָר זי דאַרף עס מיר נישט אַרויסווייזן.

זי לייגט אויף מיר האָפענונגען, נאָר זי דערוועגט זיך וועגן דעם ניט צו ריידן.

די מאַמע האָט זיך ניט געריכט, איך זאָל אַזוי גיך אַוועקפֿאָרן, נאָר איך האָב איר געזאָגט, אַז איצטיקס קומען איז נאָר אַן אַדערויף אויף אַ צווייט מאָל. איך וועל זיך אינגיכן אַראָפּכאַפּן און שוין פֿאַרברענגען פיל מער.

איך האָב געקושט דאָס קינד און זיך פֿאַר אים מיט גאָרנישט פֿאַרענטפֿערט. און אַז די מאַמע איז אַוועק מיך באַגלייטן צו דער פור, האָב איך זי קוים איינגעבעטן, זי זאָל זיך אומקערן. איך האָב איר אויפגעגעבן, אַז איך גיי דורך די גערטנער אַהין צום שליאַך, לעבן משהן דעם ווערפֿיער וועט אויף מיר וואַרטן די פור. זי האָט מיר נאָכאַמאָל געקושט און נאָכאַמאָל זיך געווישט די טרערן, אָבער איך גיי שוין אַליין אָן באַגלייטערס און דאָס איז גוט. וואָרום, ס'איז מיר געווען ניט שיין פֿאַר די עלטערן, וואָס איך מוז גיין קיין קראַסנע צופוס. איך בין דאָך עפּעס אַ קיעווער. איך דרוק זיך שוין אין די ביכלעך און דאָ האָב איך ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פֿאַר דער פור. אויסזאָגן שעם איך

זיך. בעטן אין שטוב — גאָט באַהיט! און דאָס וואָס מיר איז געבליבן פון די קולטור־ליגישע ביכער וועט קוים קלעקן אויף צו באַצאָלן פאַר דער באַן. און די 30, 35 וועדסט ביז דער באַן, — מחילה צופוס.

איך בין אַרויס מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס דורך דער שיניצע, דורך די גערטנער און דורך דעם וועלדל צום ברייטן שליאַך. אַליין אַז איך גיי בין איך צוריק מלך. איך בין שטאָלץ מיט מיינע רחבותן און איך זינג:

האָבן וועגן מיך באַגעגנט,
יונגע וועגן מיינע!

און ווירקלעך. וויפל האָב איך דאָ קינדווייז און יינגלווייז אומגעטאָפּ־טשעט און וויפל שיינע געדאַנקען האָבן מיך דאָ אונטער די דאַזיקע כמאַרעס באַזוכט. נאָר דאָס וואָס ס׳איז איצטער, איז פיל שענער, ווייל ס׳איז פאַר מיר אומגעריכט אינגאַנצן.

איך בין שוין דורכגעגאַנגען מאַזשאַרי און האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט אָפּגערוט. דער טאָג איז אַ הייסער, נאָר אַ גוטער. איך בין נאָך אַזוי נאָענט פון מיין היים. נאָר מאָרגן וועל איך זיך געפינען פאַר הונדערטער מיילן פון דאַנען און איך וועל וויטער זיין אין דער היים. דאָרטן בין איך טאָקע אינ־גאַנצן אין דער היים. איך מייד אויס די באַקאַנטע דערפער. מיר איז גוט, וואָס איך טרעף זיך ניט מיט קיין באַקאַנטע.

לעם פאָקליעוווער ברונעם האָב איך זיך צוגעזעצט און איבערגעביסן מיט דעם, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן פון דער היים. דערנאָך האָב איך אָפּגערוט. איך בין אפילו האַלב געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און ס׳האָבן זיך ביי מיר פלוצים גענומען פלעכטן ווערטער ניט קיין געגראַמטע.

— וואָס קלייבט איר זיך אין מיינע בעטן? אין מיינע געוועקסלטע דעמ־בענע בעטן, פון וועלכע מיין ווייב איז מיר געשטאָרבן?... איר האָט כאָטש באַפוילן דעם טישלער זיי איבערוועקסלען און זיי איבערשטעלן די שרויפן, זיי זאָלן ניט סקריפּען? נאַראָנים, וואָס איר זייט. ווי אַזוי פוצן עס מענטשן זייער חתונה־צימער מיט צעשטשערבעטע כלים?

ווען איך בין אויף זייער אָרט, וועדליק דו ביסט אַ יונגער פערד־הענדלער און דו — דעם שניטקרעמערס טאָכטער (וואָס מעסט בונטן זייד אויף איילן), איך, אויף אייער אָרט און בוזיע, אויך דאָס זעלבע, וואָלטן זיך געבויט בעטן פון פראָסטן ווייסן האָלץ, פון ברעטער ניט געפּאַרבטע, אַבי נייע. מיר וואָלטן זיי מיט בלעטער מיט פרישע באַשפּרייט, פון בערעזע צי פון קליאַן. מיר וואָלטן מיט אַ געפלאָכטענעם קראַנץ פאַרהאָנגען די טיר, אַז קיינער זאָל אַהין אַ צייט ניט אַריין...

ס׳האָט זיך דערהערט אַ קנאַק פון רעדער און פון קאָפּיטעס.

איך עפן אויף די אויגן: אויף אַ פור מיט ציגיינערשע צוויי פערדלעך זיצן אין זומערדיקע שטויב־מאַנטלען דער אידעם און דער שווער, זלמן דעם קצבס זון און פייטל די ציג.

— טפר־ר־ר — האָט זלמנקע מיט קוראַזש אָפּגעשטעלט די צעהיצטע פערדעלעך מיט די אונטערגעבונדענע עקן.

— וואוהין איז, איציק? קיין קראַסנע אודאי? קום אויפן וואָגן!...

— ניין, אַ דאַנק! איך בין אומיסטן אַזוי אַוועק... דאָרטן בענקען מיר נאָך די היגע ערטער! וויל איך זיך אַ ביסל מער אָנקוקן מיט זיי.

— אַלץ צוליב די גאַזעטן? צוליב די ביכלעך? — האָט פייטל צוגעגעבן.

— נו, נו, פאַרבלייב געזונט...

און זיי האָבן אַוועקגעשמיסן ווייטער.

איך האָב זיך אויפגעהויבן. איך האָב אַ קוק געטאָן אינעם ברייטן ברונעם. שפּיגלדיקע וואַסערן און אַז מען טוט אַ הוקע, הילכט ווי אומעטום. נו, גע־גאַנגען זאָל ווערן!...

לאַנגלעך, לאַנגלעך ציען זיך די ווערסטן. דער טאָג רוקט זיך. די שעהן גייען. די פּיס טוען ווי. נאָר אָן־אָ האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן פון דער ווייטנס די שפּיצן פון די שטאָטישע קלויסטערס. דאָס איז אַ סימן, אַז ס׳מיר נאָך געבליבן פיר ווערסט. אָט הייבן זיך שוין אָן די ווינט־מילן. דאָ קאָן מען שוין גיין ניט מיטן שליאַך, נאָר מיט אַ סטעזשקע. פייטל ציג מיטן איידעם — מיינע בעלי־טובות האָבן זיך שוין דאָרט מן הסתם לאַנג אויסגערוט, אָפּגעגעסן און אָפּגעטאָן זייערע געשעפטן און ביי מיר נאָגן די קני פאַר מידקייט, דאָס פּעקעלע האָט מיר שוין אָנגעמוליעט די אַקסלען. אונטערן קאָלנער פונעם העמד פיל איך אַ סך שטויב מיט שוויס געמישט. מען וועט זיך דאַרפן אַ סך וואַשן, ווישן, פּוצן און בערשטלען און אויסזוכן אַ פרישע העמד אויף איבער־טאָן.

נאָר קיינער איז דאָס מיר ניט שולדיק. אויב איך האָב אַזוי ליב, אויב איך ווייס, אַז אַזוי איז מיר בעסער...

סוף

# פון די יונגע יאָרן

.1

אין דעם דאָרף, וואוהין איך פאָר (איצט איז עס אַ ראַיאָן), בין איך צוריק מיט יאָרן געווען אַ לערער. איך האָב דאָרט געלעבט אַ זומער. איצט, דעם 16טן מאַי 1925טן יאָר, בין איך שוין אויף צוויי מאָל אַזויפיל עלטער ווי דענסטמאָל, און פאָר אַהער דורכפירן אַ פּאָר געריכטס־ענינים.

דער קרייז־געריכט פאָרט אַרויס אויפן ראַיאָן!

אַ גוטע פור, מיר זיינען געפאָרן ניט מער ווי דריי־פיר שעה.

מיין פאַרשלאָפענער מלאך, דער סעקרעטאַר, איז געזעסן אויפן וואָגן, געמאַכט מיטן קאָפּ יאַ־יאָ אָן אָן אויפהער און פלעגט זיך נאָר אויפכאַפּן דאַן, ווען די ראָד האָט געגעבן אַ גוטן קנאַק אין אַ שטיין אָדער אין אַ קלאָץ. דער וועג איז מיר מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן פריש פאַר די אויגן, אַזוי ווי איך וואָלט דאָ ערשט נעכטן דורכגעפאָרן, און ס׳האָבן מיר געקלונגען אין די אויערן אָן אַ שיעור „דו געדענקסט". איך האָב שוין ניט געוואַרט אויף מיין חבר, ער זאָל מיך עס איבערפרעגן, נאָר איך האָב אַליין זיך אַלצדינג געפרעגט:

דו געדענקסט, מענדיק, ווי אַזוי דו, דער ייִנגסטער פון די ברידער, האָסט זיך צעקריגט מיטן טאַטן און געוואָלט גיין אין דיין אייגענעם וועג?

דו געדענקסט, ווי אין איינעם אַ פרילינגדיקן טאָג, וואָס האָט געמאַכט איטלעכן ליכטיק אויפן האַרצן, האָסטו גענומען אַ נעבעכדיק פעקעלע אונטערן אָרעם און זיך אַוועקגעלאָזט (ניט וויסנדיק, וואוהין בעסער) גאָר קיין סאַנדאָמיר. דאָרט ביסטו דאָס מאָל צום זיידן ניט פאַרפאָרן, נאָר צו אַ מעקלער מיט וואָנצן און קויטיק געפּעס...

דער מעקלער האָט אַ טרייסל געטאָן דעמאָלט מיינע אַלע טאַלאַנטן, האָט מיר צוגעזאָגט הונדערטערליי געשעפטן, ביז אין אַ טאָג אַרום האָט ער מיך אַוועקגעפּעקלט קיין ביי־ציגלינקע פאַר אַ לערערל, הונדערט צוואַנציק רובל אַ זמן מיט קעסט.

...און אָט־אָ שטייען פאַר מיר אויף די בילדער פון יענע טעג, וואָס ס׳ווילט זיך, אַז די מחשבות זאָלן זיי ציילן וואָס פּאַמעלעכער און ס׳זאָל געדויערן לאַנג, לאַנג, וואָרעם די טעג זיינען געווען פולע, אָנגעגאָסענע מיט זאַפט און האָבן געבליט (איצט צייטיקן זיך שוין פרוכטן).

ניט נאָר אַ מענטש בייט זיך, אַ דאָרף בייט זיך אויך. זלמן דעם קצבס

שטוב איז שוין ניטאָ. דאָרט שטייט אַ גאָרטן. וואו כאַצקלס שטוב מיט דער קרעטשמע זיינען געשטאַנען, שטייען צוויי קלענערע דירהלעך. לעם איינער שטייט אַ ברונעם מיט אַ זשוראַוול, און אויף דער צווייטער הענגט אַ שילדל, אַזוי ווי מיט אָפּגעמעקטן קרייד אָנגעשריבן: „ניי־ציגלינקער געברויך־קאָאָפּעראַטיוו".

אונדז האָט מען פאַרפירט צום גלח אין שטוב אַריין (היינט איז זי ניט דעם גלחס), קליינוואַרג האָבן געגומען באַקלעפּן מיט זייערע פּנימלעך דאָס פענצ־טער. אויפן טיש איז געלעגן דער רעוואָלווער, האָבן זיי ניט אויפגעהערט וויזן אַהין מיט זייערע קליינע פינגערלעך און מיט די פאַרמורזשעטע נעזעלעך.

.2

נעכטן איז געווען ביי מיר דער סעקרעטאַר פון דער סעלראַדע, ס׳וועט זיין באַרימעריי פון מיין זייט, נאָר איך קאָן שווערן, אַז איך האָב אים גלייך פון דער ערשטער רגע דערקענט. ס׳איז איליושקע.

זינט איך קען זיך מיט אים, בין איך די גאַנצע צייט פון אים עלטער אויף צוועלף יאָר.

ביי אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט איז ער נאָך כמעט געגאַנגען אָן פלודערלעך. ער איז געווען אַ קינד פון ביילוניעס באַלעבאָס פון דירה, און ער האָט אונדז ליב געהאַט.. אַזאַ צאַרט און פאַרטרוימט קינד האָב איך זעלטן ווען געזען.

איצט איז ער אויסגעוואַקסן, ער קען שוין שרייבן און איז סעקרעטאַר פון סעלראַדע.

איליושקע פלעגט אָפּרייסן פון אונדזערטוועגן אַ פּאָר ווייַנשל דאָרט אין סאָד ביי זיי און אַ קוק טאָן מיט זיין בלייך פּנימל און צאַרטע גרויע אייגעלעך, צי מיר זיינען צופרידן מיט דער מתנה. אויב יאָ, קען ער אַוועקלויפן און אונדז ברענגען נאָך. אַזאַ צאַרטע באַציאונג האָט ער צו אונדז געהאַט.

ביילוניע פלעגט דענסטמאָל פרעגן, ווער איז אין וועמען מער פאַרליבט, מירביידע איינס אין צווייטן, צי ער אין אונדז?...

אַזוי קריכט ער זיך איבערן הויף אַרום אָן אַ פריילעכער מינע און, ווי ער דערזעט אונדז, — אַזוי טראָגט ער אונדז שוין בלומען אַנטקעגן, טראָגט אונדז זון־רויזן. מיר שעמען זיך צו נעמען, וואָרעם... וואָרעם ער שטרייכט, וויזט אויס, צופיל אונטער ביי אונדז דאָס, וואָס ס׳דאַרף נאָך אַ צייט שפּילן און יוירן אויסגעבאַהאַלטענערהייט אפילו פאַר אונדז אַליין.

.3

אין שול־געביידע גערעדט פאַר די פּויערים וועגן דער נוץ פון שפּאַר־קאַסעס. נאָכן פאַרטראַג האָבן זיך אַ שאַט געטאָן פראַגן: וועגן מעליאָראַציע,

ערד־מעסטערס, דער וועטערינאַר איז אַוועקגעפאָרן און קומט ניט, און פּאַר־וואָס גיט מען ניט דעם קהלשן בוהיי, ער זאָל שטיין ביי יעדן כאָזייאין אין שטאַל ? . . . אמת, גערעכטע פאָדערונגען.

אַהיים בין איך אַרויסגעגאַנגען דער לעצטער, און איך ווייס ניט, פאַרוואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען אין געדאַנק די גאַנצע צייט מיין פאַרשטאָרבענער טאַטע.

איך האָב אויפגעריבן אין איילעניש אַ פּאָר שוועבעלעך איינס נאָך איינס און אָנגעצונדן די ליכט אויפן טיש. אויף אָט דעם־אָ טיש האָט אַמאָל דער גלח געשוויצט גאַנצע נעכט לעם די קאָרטן מיט די „קנעפּלעך" פון דאָרף . . . פּלוצעם האָט מיר געדאַרפט אַרויפשווימען מיין בייזער טאַטע וואָס האָט פון זיך זעלבסט פאַרקיילעכיקטע ווינקלען, אַ ווייכע, פּוכקע באָרד,
וואָס האָט פון זיך זעלבסט פאַרקיילעכיקטע ווינקלען, אַ ווייכע. פּוכקע באָרד,
אינדערמיט אַ ביסל אויפגעגאַנגען און מיט אַ ליכטיקן אומבאַמערקטן פלעק אויפן טשוביקל, וואָס אונטערן מויל (ביי אַ סך קומט עס פון אַ סך רויכערן), טאָ וואָס־זשע וויל ער פון מיר איצט, מיין גאָר נאָענטער קרוב ?

אַ ייד האָט זיך פאַרגינט אָפּצולעבן אַלע זיינע יאָרן מיט אַזויפיל ביטול צו דער גאַנצער וועלט. אַ הויכער ייד מיט אַ שוואַרצער ווייכער באָרד, וואָס דאַרפן וואָלט זי גאָר געדאַרפט טראָגן אַ שוחט, וועלכער קען אַרבעטן מיט אַ חלף.

קומט אַהער, ר׳ ישראל־משה, זיצט, שרעקט זיך ניט פאַרן רימען־שיידל מיטן בראַונינג, וואָס ליגט אויפן טיש. קומט זיצט, וועל איך אייך דערציילן, ווי אַזוי אַ פּיצל בלייך ייִנגעלע, אילױשקע, האָט אַרויסגעוויזן פאַר אייער זון מערער צאַרטקייט, בשעת מען האָט זיך אין איר געניטיקט, ווי דער ייד מיט דער ווייכער שוואַרצער באָרד.

אַ גוטע נאַכט, ר׳ ישראל־משה, איר וועט, מן־הסתם, אויף מיר קיין פאַראיבל ניט האָבן, מענדיק איז שוין אַ גרויסער, שוין אַליין אַ טאַטע פון קינדער, איז אים צייט צו גיין שלאָפן. כאָטש וועדליק מיר האָבן אַזאַ לאַנגע צייט ניט פאַרבראַכט צווישן זיך (אָדער בכלל אפשר קיינמאָל אַזוי געמיטלעך ניט געשמועסט), מעגט איר אַ ביסעלע זיצן, איך וועל עטוואָס אַ דרעמל טאָן, און איר זיצט, זיצט לעם מיר אַ ביסעלע.

.4

. . . ניי־ציגלינקע קומט אויס צוועלף ווערסט פון סאַנדאָמיר. סאַנדאָמיר אַליין איז אַ כרך, וואָס איז מערער ענלעך אויף אַ צעוואָרפן דערפל ,און ניי־ציגלינקע איז אַ העק, וואו ס׳געפינען זיך צוויי הונדערט פויערשע הויפן, און אין צענטער אַ צענדליק יידישע פאַמיליעס : שוסטער, שניידער, קירזשנער, פערד־הענדלער, דאָרפגייער, פי־הענדלער, איין שפּרעכערן און איין שמיד.

אין דער זעלבער ניי־ציגלינקע האָט אין פֿויערשן עק דאָרף געוואוינט אַ וויבל, וואָס קיינער ווייסט ניט, פֿונוואַנען זי קומט אַהער, זי מיט איר מיידל. צום מנין איז זי ניט געקומען ניט שבת און ניט יום־טוב, אינדערוואָכן האָט מען זי אויך ווינציק געזען אַרום די יידישע הייזער, סיידן אַמאָל אין אַ יובל צו לאַנצוצקין אין קלייטל נאָך אַ פֿערטל גאַזע, נאָך אַ פֿלעשל אייל אָדער נאָך אַ פּאָר אַרשין שניט־סחורה.

קיין פּאַרהאַסטע איז זי אפֿשר ניט געווען אין דאָרף, דאָס וויבל, אָבער קיין געוואונטשענע אויך ניט. מ׳האָט זיך ניט געפּוילט אויף איר אונטער־ריידן אַמאָל שבת ביים מנין און אַמאָל אַזוי אויף דער פּריזבע. און זי האָט זיך, ווייזט אויס, געהערט אַלעמען אין פּיאַטע.

— אַן־אַ גייט די לאַמעדוואָוניטשקע, — פֿלעגן זיך מיינע שילער אַ לאָז טאָן צום פֿענצטער.

בין איך שוין אויך ניט פֿויל און קריך אויך אַרויף מיט די פּיס אויף דער קאַנאַפּע, וואָס פֿאַרן פֿענצטער. איז זי שוין אָבער ניטאָ. נאָר אַ שטיק קווייטנדיק קרעמאָווע טיכל האָט מיר אַ פֿינקל געטאָן אין די אויגן אויף דער טיר פֿון קלייט, און איך זע ניט קיין לאַמעדוואָוניטשקע. קלייב איך זיך פֿון מאָל צו מאָל זיך אַראָפּכאַפּן אין צווייטן עק דאָרף פֿון יענער זייט הרעבליע און זיך אַריינאַרן נאָך עפּעס צו דער מאָדנער משפּחה אין שטוב אַריין אַ קוק טאָן אומיסטן, וואָס זיינען עס פֿאַר אַ מענטשן. קומט עס אָבער אַלץ ניט אויס.

.5

איך האָב דאָרט געהאַט בין־השמשותדיקע שעהן, וואָס פֿלעגן מיר אַראָפּ־פֿאַלן אַזוי פֿון פֿון הימל אויף זיין אַליין מיט זיך. אין איינער פֿון אַזעלכע שעהן האָב איך זיך גוט אויסגעבאָדן אין טייכל. דער טייך אין ניי־ציגלינקע איז מיט אַ זאַמדיקן דנאָ און זייער אַ דערפֿרישנדיקער. פּלוצעם דערזע איך פֿונדערווייטנס אין טייך: אַ מיידל שווימט אייגנקע אַליין און שפּילט זיך אין וואַסער. איך בין אַרויס פֿון טייך און אַ טראַכט געטאָן אין דער גיך, אַז ווער זאָל עס זיין און וואוהין וועט זי גיין פֿון דאַנען? רעכטס מיטן שליאַך האָט זי ניט וואוהין צו גיין, ווייל ביז אַלט־ציגלינקע זיינען פֿאַראַן וועלכע פֿינף ווערסט. איז זי דאָך געוויס אַ היגע, און אויב אין דאָרף אַריין... איז ביז דער ערשטער סטעזשקע, וואָס קערעוועט אָפּ, וועט זי גיין מיטן שליאַך. האָב איך אַ פּאַכע געטאָן מיט מיין רוטל און בין אַוועק ביזן גרויסן שטיין, וואָס אונטער גרישקעס באַרנבוים. אין אַ צען טריט אַרום הייבן אָן קערעווען סטעזשקעס איבער די גערטנער און פֿעלדער אויף פֿאַרשיידענע עקן דאָרף.

איך האָב זיך צוגעזעצט וואַרטן, און מיין חשבון איז ניט געווען קיין פֿאַלשער, — אין אַ פֿערטל שעה אַרום איז מיר אַנגעגאַנגען אַנטקעגן אַ מיידעלע, אין ווייסן אָנגעטאָן, מיט שיך און מיט זאָקן, אַ דינינקס, אַן איידלינקס, אַז

נאָר אויף די הענט נעמען און אַוועקטראָגן ערגעץ אין עק וועלט אַריין. האָב איך גענומען טראַכטן, פון וואַנען זאָל קומען אַזעלכעס: דעם גלחס זאָל זיי זיין, איז ניט, ווייל דאָרטן זיינען מוידן קלעצער,ביים אַפּטייקער איז פאַראַן נישקשה פון אַ מיידעלע, איז עס אויך ניט די, יענע איז אַ צו טונקעלע. איז דאָ נאָך פאַראַן אַ „פּאָסעלניק" אין דאָרף, טאָ זאָל זי אפשר זיין פון דאָרטן? ביי די מחשבות איז זי דורכגעגאַנגען פאַרביי מיין שטיין, האָב איך קיין סך ניט געקלערט, איר פאַרשטעלט דעם וועג און זי אַ פרעג געטאָן אויף פּויליש, ווער איז זי דאָ אַזעלכע, וואָס איך קאָן זי ניט? לאָזט זיך אויס, אַז מיין טירחה צו פּוצן די שפּראַך אין פּויליש איז אינגאַנצן אומזיסט. וואָרעם זי איז ניט פּויל און ענטפערט מיר אויף פשוט יידיש, אַז זי איז די און די, און פון מיר ווייסט זי אויך. איך בין דאָ דער לערער פון דאָרף.

ניט אין דער ערשטער רגע, נאָר אין ערשטן הונדערטל רגע האָט זי מיר געעפנט אַ ליכט אין די אויגן, און איך האָב זיך איבערצייגט גרינג, וואָס גרינג הייסט, אַז דאָס איז מיר ניט סתם אַ מיידעלע, וואָס איז מיר דורכ־געגאַנגען מיין וועג, נאָר דאָס איז מיין פריינט פון „אייביק", וועלכן איך האָב נאָר וואָס דערזען.

— בין איך אייך געפעלן פאַר אַ לערער? — פרעג איך זי.

זאָגט זי: — מיין עסק?!

— און איר וואָלט ניט וועלן זיך ביי מיר לערנען?

טוט זי אַ קוק אויף מיר און צעשמייכלט זיך. ווי איינער מיינט: אַזוי איז ער עס איבערצייגט אין זיך, אַז ס'וועט סטייען וויסן און קענטעניש פון מיינעטוועגן!

—ניין, — זאָגט זי, — איך וועל זיך ביי אייך ניט לערנען.

— אָבער אין שטוב אַריין צו אייך מעג איך אַריינקומען?

— מיר טרייבן ניט קיין מענטשן... — האָט זי מיר געענטפערט.

לעם דער ערשטער סטעזשקע האָבן מיר זיך צעשיידט...

אָט דאָס אַלץ האָט זיך געטאָן פּונקט מיט פופצן יאָר צוריק. אין דעם־אָ זעלבן דאָרף. און איצט איז שוין אַכט אַזייגער, מ'דאַרף בעטן ביי דער קאָוואַליכע אָנבייסן און גיין אויספילן רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

6.

מאָרגן וועלן דאָ גיין עטלעכע סאַנדאָמירער ענינים, און די זיצונגען וועלן זיך פירן אויף יידיש: באַשערט איז, ישראל־משה שענקמאַנס זון זאָל קומען איבערשלאָגן דעם רב זיין פרנסה...

אינטערעסאַנט, פאַרוואָס לאָדן זיך יידן: אַ זון מאָנט אַרויס ביים טאַטן אַ חלק שטוב, ער האָט געהאָרעוועט. אַ מאַמע קלאָגט צו די קינדער, וואָס זיי גיבן איר ניט פון וואַנען צו לעבן. אַ ווייבל מאָנט אַ גט ביי איר מאַן, דער

סאָוועטסקער סוד זאָל איר צופּסקענען אַ יידישן גט. און אָט איז אַ מאָדנער ענין:

אַ מאַן קלאָגט אָן זיין ווייב, וואָס זי האָט אים אָוועקגעוואָרפן און גיט אים אפילו ניט אָפּ זיין קינד. עבדיה לעמעלעוויטש שערמאַן.

אויב ס'איז דער זעלבער עבדיה, וועלכן איך קען, וועלכן איך קען פון מיין שטעטל, איז עס זייער אַ מאָדנער פּאַרשוין. אין סאָנדאָמיר האָב איך קינדוויז געזען אַ פּאָר מאָל עבדיהן, און נאָכאַמאָל האָב איך אים געזען טאַקע דאָ, אין ניי־ציגלינקע, בשעת דער פאַרפּלייצונג. עפּעס אַ קלייניקייט עבדיה? איך בין אַמאָל געווען איינער פון זיינע בעסטע מקורבים.

מיט אַ כישוף־שטעקעלע גלוסט זיך אַרויסרופן די פריע קינדער־יאָרן. אין סאָנדאָמיר שטייט אַ לעדער־זאַוואָדל, ניט ווייט פון זאַוואָדל איז לעמל נאָקעטס סאָד פון עפּלביימער (די שטוב איז אין מאַרק, און דער סאָד — הינטערן שטעטל). אין סאָד פלעגט זיין שיינדעלע מיט די געלע צעפּעלעך. אונדז איזביידן געווען צו זעקס יאָר, האָבן מיר געשפּילט אַ ליבע. די ליבע האָט זיך ביי אונדז געשפּילט אַזוי: שיינדעלע האָט אַ שטעק געטאָן דעם קאָפּ פון גאָרטן־טירל און אַ פרעג געטאָן:

— מענדיק, שוין?

דאָס דאַרף הייסן, צי איך האָב שוין אָפּגעגעסן אָנבייסן. און איך האָב אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ פון הויף און געענטפערט:

— שוין.

— טאָ נעם די שטעקנס און קום!

האָב איך אָנגענומען אַ סך שטעקנס ביים זיידן אין הויף, און מיר האָבן געמאַכט ביי מיר אין סאָד אַ קורין, און אין קורין האָבן מיר געגעסן פון קליינע שיסעלעך שטיקעלעך אָנגעבראָקטן עפּל פאַר וואַרמעס. און ס'געווען גוט. ביי דער־אַ שיינדעלען איז געווען אַ פעטער עבדיה, וואָס איז געווען אַ חרפה פאַר דער גאַנצער משפחה. נאָר איין מעלה האָט עבדיה געהאַט: ער האָט כסדר געווייקט אין די דערפער און אין די וועלדער. אין שטאָט פלעגט ער אַראָפּקומען איין מאָל אין אַ יובל. ער האָט געקענט כאַפּן פיש מיט אַ נעוואָד, פלעכטן פאָסטאָלעס און פאַשען ביי די פויערים די בהמות זומער (שוין דווקא אַ ייד מיט אַ באָרד), און ער פלעגט נאָך האַנדלען מיט פעל אויך. דער האַנדל איז ביי אים אָנגעקומען זייער מאָדנע.

ער פלעגט געפינען, צום ביישפּיל, אַ געפגרטן הונט ערגעץ אין אַ בלאָטע. פלעגט ער אים אָפּשינדן און ברענגען פאַר פופצן ווערסט אין שטאָט אַריין צום זאַוואָדל און אָפּנעמען פאַר אים אַ גאַנצן גילדן, און אויב אַ סך, איז אַ פערציקער (20 קאָפּיקעס).

גערעדט האָט ער, עבדיה, אויף אַ הויכן רייש, דער קול איז ביי אים געווען עפּעס אַזוי ווי אַ געלער, די נאָז אַ פאַרלייגטע און אַ ביסל אַ קרומע.

די אויגן מיט דער באָרד — ליכטיק דערשראָקענע, פון אַ מענטשן, וואָס כאַפּט אַפּט קלעפּ אין די דערפֿער פֿאַר קריכן צו די פּויערטעס. נאָר ער מאַכט זיך טאַמעוואַטע און קריכט ווייטער.

איינמאָל קומט ער אַראָפּ צו שיינדעלען אַהיים מיט באָרוועסע פּיס און מיט אונטערגעבונדענע לייוונטענע קאַלאַשעס. שיינדעלע איז די איינציקע, וואָס שעמט זיך ניט מיט איר פעטער.

זי גיט אים עסן. עסט ער ביים ברעג טיש זייער דרייסט, אפשר האָט ער מורא, אַז לעמל נאָקעט וועט זיך באַלד אַריינכאַפּן און אים שלאָגן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. אָבער עסנדיק, פאַרגעסט ער ניט און טוט זיך פאַר מיר אַ באַרים (ער האָט זיך זייער ליב באַרימען), אַז „זיינע" וועט שוין זיין אַזוי ווי אָט די־אַ אין דער גרייס.

וועלכע „זיינע" ווייס איך ניט.

ערשט אין יאָרן אַרום האָב איך זיך דערוואוסט, שיינדעלע אַליין האָט עס מיר טאַקע דערציילט, אַז אַמאָל האָט מען אים פון ערגעץ אַראָפּגעבראַכט אַ ווייב, שוין דווקא איינמאָל אַ לייטישע, אָבער זי האָט דערזען אַזאַ נחת, איז זי די ערשטע וואָך פון אים אַנטלאָפן געוואָרן. דער זיידע מיט דער באָבע, — דערציילט זי, — האָבן זי געוואָלט אָפּגילטן, אָבי זי זאָל דאָ בלייבן. און דער נחת איז איר נאָכגעפאָרן עטלעכע מאָל מיט אַן אוראַדניק — נאָך אַ גליק, וואָס ער האָט זי ניט געקאָנט אָפּזוכן...

און עבדיה האָט אַרומגעווישט די וואָנצעס פונעם עסן און רופט מיך, איך זאָל גיין צום זאַוואָד, אפשר וועט מען ביי אים קויפן פעל.

איך בין אַוועק מיט עבדיהן און מיט „זיינע פעל" אין האַרבאַרניע. עבדיה קלאַפּט מיט די באָרוועסע פּיס אין די שפּיציקע שטיינער פון דרויסן, און איך פרעג ביי אים, ווי אַזוי ס'הייסט זיין מיידעלע, וואָס איז כמעט אַזוי ווי שיינדעלע אין דער גרייס.

טוט ער אַ קלער, טוט אַ קלער און זאָגט, אַז זי הייסט... זי דאַרף אויך הייסן... שיינדל, אַזוי ווי די, זי איז נאָך אַ שענערע פון דער, זי שיינט אַזוי ווי די זון.

— טאָ וואו־זשע איז זי איצטער?

זי איז ערגעץ אין באַראָוואַיע מיט דער מוטער (אָט דאָס איז זיין לשון. אויב אַלע זאָגן באַראָווע, זאָגט ער באַראָוואַיע, און אויב אַלע זאָגן ווערסט, זאָגט ער וויאָרסט).

— אין וואַלד? — פרעג איך אים.

זאָגט ער:

— זייער טיף אין וואַלד! איין שטוב! זי איז זייער אַ שיינע, זי קען שוין לייענען, שרייבן און אַלדאַסדינג.

— גייט איר אַמאָל אַהינצו?

ענטפערט ער מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, אַז: „ער ווייסט? אַמאָל אַז

ס׳פֿאַרגלוסט זיך אים, גייט ער אַהין. אַהין איז זייער ווייט, אפשר צוויי הונ־דערט וויאָרסט״.

די געלע שטימע זיינע זע איך אַזוי ווי היינט, אַ געלע שטימע און אַ פּייכטע. ווייזט אויס, אַז איך בין קליינוווייז געווען ניט גאָר קיין געשטעלטער מענטש, וואָרעם איך האָב גלייך פֿאַרלאָזן די היגע ליבע און זיך פֿאַר־אינטערעסירט מיט זיין טאָכטער דער „וואַלד־שיינהייט״. איך בין אים נאָכגעלאָפֿן ביז דער האַרבאַרניע און געוואָלט, אַז ער זאָל נאָך עפּעס דער־ציילן פֿון יענער שיינדעלען, וואָס איז נאָך שענער פֿון דער און וואָס וואוינט אין „באַראָוואָיע״.

אַז מיר זיינען געקומען אין שטוב אַריין, האָט ער אַרויסגענומען „זיינע פּעל״ פֿון זאַק. איז עס געווען אַ ראָב היגטיש פּעלכל. נאָר ער זאָגט, אַז אַבי מ׳זאָל אים צאָלן ווי געהעריק, קען ער זיי ברענגען וויפֿל דו ווילסט. ער קען פֿאַרשיטן די האַרבאַרניע מיט פּעל. אָט דאָס איז ער, דער עבדיה לעמעלעוויטש שערמאַן. אַלע מאָל טוט ער אָן אָפּגעהאַקטן לאַך מיט אַ ביטער געלעכטערל. ער לאַכט, ווען די באָבע רעדט מיט אים פֿון כּלות און פֿון מסחר, און ער לאַכט, בשעת מען פֿרעגט זיך ביי אים אויף די ביקלעך, וואָס פּאַשען זיך ביי אים ערגעץ. דעם הונט וויל ער גאָרניט פֿאַרקויפֿן, ער וויל אים אויסאַרבעטן און אויסבייטן. ער וועט אַזוי לאַנג בייטן, ביז ער וועט דערנאָך אַליין ווערן אַ מענטש...

טאָ זאָל מען אים אפשר אויסאַרבעטן דעם הונט מיט די האָר. ער האָט אַ פֿריץ לעם דעם טשערוואָנקען טייכל, וועט ער עס אָוועקטראָגן אַהין.

דער פֿריץ האָט אים אַליין אָנגעמיטן, אַז ער דאַרף אַזאַ הונט; ער וועט אַנידערלייגן אין שלאָפֿצימער דער פֿריצטע פֿאַרן בעט.

לסוף ישובט ער זיך אויס, אַז ער קען אָפּנעמען פֿאַרן הונט אַ זילבערנעם גילדן. און ער קען אונדז ברענגען הינט אָן אַ שיעור, און אַנדערע פּעל קען ער אויך ברענגען. ער זאָל נאָר צייט האָבן, איז „סקאַלקאַ ווגאַדנאַ״!

און אַז ער קלייבט זיך שוין אויס אַוועקגיין צוריק אין וואַלד, גיי איך אים נאָך אַ ביסל באַגלייטן. זאָגט ער מיר, אַז פֿונעם פֿריצס וועגן וועט ער בעסער אויסאַרבעטן אַ הערש אָדער אַ לאָס. וועט אים דער פֿריץ אָפּגילטן דערפֿאַר.

— און וואו וועט איר נעמען אַ לאָס? — דערפֿרעג איך זיך ביי אים.

זאָגט ער, אַז אין אַ לאָס זאָל נאָך ביי אים זיין אַ מניעה?... טפֿו, לאָסן קען ער אונדז ברענגען „סקאַלקאַ ווגאַדנאַ״. ער האָט אין כוטער אַ ביקס ביי אַ באַקאַנטן „פּואוועער״, גייט ער אַרויס מיט אים אין וואַלד און מאַכט פּוי אַהער, פּוי אַהין, קען ער פֿאַר איין נאַכט אויסהרגענען וועלכע צוואַנציק וועלף, אויב ניט מער, — און פֿאַר יעדן וואָלף גיט מען אים אין דאָרף אַ נאַגראַדע, — „אַבי פּאָדאַוויי״!

אַזוי האָב איך זיך אין יענע צייטן באַפריינדעט מיט עבדיהן און האָב ניט איינמאָל גוט געקלערט פון זיין ווילד מיידעלע, וואָס וואוינט מסתמא מיט איר מאַמען אין „באַראַוואָיע".

7.

פאַרוואָס־זשע האָב איך זיך קיין איין מאָל ניט דערמאָנט צולויפן אויף דער האָטישטשע צו יענעם שטיבעלע, צו איליושקען אַהיים? ער קען שוין זיין אַ מענטש מיט אַ פאַמיליע, איליושע. געוויס, האָט ער אַ צאַרט ווייבעלע, אַ שעמעוודיקס, מיט אַ פּאָר רוסיאַווע קינדערלעך. וואָלט איך דאָרט אַ קוק געטאָן, כ'וואָלט אַ זוך געטאָן שפּורן פון יענע טעג. מענדיק מיט ביילוניען זיינען דעמאָלט אַלט געווען צו פופצן יאָר, און מ'איז שוין געווען מענטשן, גאַנצע מענטשן! איצט...איצט האָט זיך צוגעקלעפּט עפּעס אַ פויל בלעטל צום היפּטל קרויט, אַ פאַרשמירטס מיט פעך, מיט רעדער־שמירעכץ.

וואָס־זשע טוט מען?

נעמט מען אַ שאַרפן בלאַנקענדיקן מעסער, מ'האַקט איין לעם סאַמע קאָטשען. איינס — פאַלט אָפּ דאָס אומריינע בלעטל; נאָר ס'נאָך דאָ אַ פלעק, וואָס איז דורכגעגאַנגען אויף דורך און דורך. טאָ האַק אָפּ צוויי, און ס'שוין ריינער. האַק אָפּ דריי, שייל אַראָפּ, איז שוין זויבער־ריין אַ קליידעלע אויף אַ קליידעלע. אַ שיין געוויקס — קרויט, זי האָט אַ באַטעמטע אויסבאַהאַלטענע ריינקייט אינעווייניק.

איינס!

איז וואָס־זשע דענסטמאָל געווען? איך בין געווען אַ לערער אין ניי־ציגלינקע און האָב דאָרטן דערזען ביילוניען, אַ קווייטעלע אַ צאַרטינקס, און האָב זיך זייער גיך דערוואוסט, אַז דאָס וואַקסט פון מיינטוועגן.

די לאַמעדוואָוניטשקע האָט מיך באַטראַכט ביים ערשטן באַזוך אין דער שטוב פון די צוויי אַלקערס. אַ שטוב מיט גראָבע נידעריקע באַלקנס און מיט מעשענע לייכטער אויף דער פּאָליצקע אין ווינקל. און ס'איז עפּעס אויסגעקומען, אַז איך האָב ניט צו טאָן מיט קיין מאַמע און מיט קיין טאָכטער, נאָר מיט צוויי באַזונדערע פרויען, וואָס ווען איך האָב ניט אין זינען די איינע ביי מיין אַריינגאַנג, וואָלט איך אין זינען געהאַט אפשר די צווייטע, אַ יונג ווייבל, ניט קיין הויכע, מיט אַ קרעמאָווע טיכל, און באַקן יונגע, פולע מיט לעבן און חן.

ווער איז זי, פון וואַנען קומט זי אַהער? ווער האָט איר געגעבן אַזאַ איידעלינקע טאָכטער?

איך גיי אום מיטן טעכטערל איבערן גאַנצן וואַלד, און איך פרעג זי ניט גאָרניט. איך יאָג זיך ניט וויסן. איך פרעג זי נאָר אַמאָל, צי די מאַמע קוקט אויף מיר גוט... ענטפערט זי מיר:

— אויף איר איז שווער צו דערקענען.

— און צי שרייט זי אויף דיר ניט, פֿאַרוואָס איך, פֿאַרוואָס דו... פֿאַר־וואָס מיר זיינען, הייסט עס,ביידע אינאיינעם.

— אויף מיר האָט נאָך קיינער קיינמאָל ניט געשריגן, — זאָגט זי, — און מ׳וועט ניט שרייען קיינער קיינמאָל אויף מיר.

— דו ביסט אינדרינען זיכער? — דריק איך צו שטייפֿער איר האַנט אונטער מיין אָרעם.

זאָגט זי:

— און איר צווייפֿלט דען אין דעם?

— אָט האָסטו דיר אַן עקשן!

זי האָט מיר געזאָגט איר, און איך האָב איר די ערשטע צייט אויך געזאָגט איר.

דעם וואַלד האָבן מיר אויסגעטאָפּטשעט פֿאַר די ערשטע צוויי וואָכן אין דער ברייט און אין דער לענג. פּרייטיק, אַז איך פֿלעג זיך באַפֿרייען נאָך האַלבן טאָג, פֿלעג איך זיי אָנהאַקן האָלץ, פֿלעג זיי העלפֿן זיך איינפּאַרען מיט דעם טשאָלנט און אַוועקנעמען די קליינע. פֿלעגן מיר ביז וועטשערע האָבן צען ווערסט אויסגעגאַנגען. דערנאָך איז אַוועק צום זיידן קיין סאַנדאָמיר אַ מסירה, אַז זיי זיינען ניט קיין ערוב פֿאַר זיין אייניקל. זיי האָבן אים גע־וואָרנט, הערט ער זיי ניט. ער האָט זיך געמאַכט אַן איינגאַנג הינטערן דאָרף צו איינער אַ לאַמעדוואָוויטשקע, זעלדע הייסט זי, וואָס מ׳וויסט ניט, פֿון וואַנען זי קומט אַהער, מ׳ווייסט ניט, מיט וועמען זי האָט צו טאָן און פֿון וואָס זי לעבט, מען אסרט אפֿילו אירע כלים, און ביי איר איז נאָך דאָ אַ בתולה פֿון פֿופֿצן יאָר — גייט ער מיט איר אום אין וואַלד כסדר אָן אַ שומר.

דעם בריוו האָט מען געשריבן אין אַ מסיבה פֿון פֿינף־זעקס מאָן, און דער קרעטשמער אַליין, וואָס האָט געקענט לערנען, האָט אויסגעטאָן דאָס היטל, איז געבליבן זיצן אין דער יאַרמלקע און האָט אויף לשון־קודש אָנגעשריבן אַלץ איידל, וואָס אײדעלער קאָן שוין ניט זיין.

און אַנדערע, גרעבערע מענטשן האָבן געזאָגט, אַז דער לערער איז ניט שולדיק, שולדיק איז זי, די לאַמעדוואָוויטשקע, זי פֿאַרפֿירט מיך אומיסטן, מען דאַרף איר געבן אַ התראה, אויב ניט וועט מען איר אויסזעצן די פֿענצ־טער, וועט מען זי מסרן דער פּאָליציי, וועט מען איר אונטערבינדן פֿלעדער־ווישן און אַרויסטרייבן פֿון דאָרף.

דענסטמאָל איז מענדיק געווען אַ זעלבטשטענדיקער מענטש. האָט ער אויסגעזאָגט דעם גאַנצן דאָרף באַלעבאַטים זיינע, אַז ער איז ער, און זיי זיינען זיי. אויב זיי ווילן, אַז ער זאָל פֿאַרענדיקן דאָס לערנען, טאָ זאָלן זיי זיך ניט מישן אין זיינע עסקים. אויב ניט האָט ער זיי אויף אַ ריינעם אָרט.

און מענדיק האָט ווייטער געפּרעגט ביי ביילוניען, צי וויל זי ביי אים

לערנען, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים, זיך אַרויפגעזעצט ביי אים אויפן שויס, אים אַרומגעפלאָכטן מיט אירע רירעוודיקע איידעלע הענט און געזאָגט:

— דו מיינסט עס מיט אַן אמת, אַז לערנען קענסטו בעסער פאַר מיר?

אָט איז עס. פאַרוואָס־זשע האָט זיך צוגעקלעפּט פּלוצעם דאָס פאַרשמירטע בלעטל צום ציכטיקן היפּטל קרויט?

8.

אין אַלט־ציגלינקע, בשעת איך בין נאָך געווען אַלע טאָג אַ לערער, האָט דער טייך זיך אויפגעהויבן און פאַרגאָסן דאָס דאָרף.

געטאָן האָט זיך עס אויף וואַסערע פינף ווערסט פון אונדז און נידעריקער, אין אַלט־ציגלינקע. ס'האָט געהאַלטן אַ וואָך צייט אין רעגענען, נאָר קיינער האָט זיך ניט געמאַכט קיין צימעס. ס'קאָן אפשר שאַטן צו די ברויטן אויף די פעלדער, נאָר ביי אַ גוטן וועטער איז עס ניט קיין גרויסע סכנה. טרעפט זיך אַ מעשה, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן שטייט מען אויף אין אַלט־ציגלינקע און מ'זעט, אַז די פאַסטעכלעך קערן זיך עפּעס אום צוריק מיט דעם פי.

וואָס איז?

דער טייך איז פול, דער בריק וויגט זיך, אַזוי ווי אַ פּאַראָם, די בהמות האָבן זיך מורא אויף אים צו שטעלן. זיי מוקען און דרייען די קעפּ אויף צוריק. יעדער הויף האָט זיך באַזונדער איבערגעפרעגט אויף דער טשערעדע און יעדער איז באַזונדער געלאָפן צו דער מיל מיט דער הרעבליע אַ קוק טאָן. קוקט מען, און ס'גלייבט זיך אַליין ניט, אַז דער טייך זאָל זיין פול, אַזוי ווי אַ גלאָז, פול און מוטנע, און די הרעבליע איז שוין פאַרגאָסן פון אויבן מיט טייך־וואַסער.

פאַרנאַכט איז געווען דאָס דאָרף אַ פּולס מיט וואַסער. נאָר די ערד איז אַ זאַמדיקע, איז מען אומגעגאַנגען באָרוועסע איבער די קנעכל אין אַ קאַשע פון זאַמד מיט וואַסער און מ'האָט זיך אפילו ניט גערן אָפּגערופן איינער צום צווייטן.

אין אָוונט האָט מען איבער דעם בריק ווייטער ניט אַרויסגעפירט די פערד אויף דער פּאַשע, און ביינאַכט איז געוואָרן אַ טומל אין די שטאַלן, די בהמות, די פערד און די שאָף האָבן זיך צערודערט. האָבן זיך די מענטשן אויפגעכאַפּט אויף דיי־אַ קולות און וואו־וואַר ס'האָט געעפנט אַ טיר, האָט מען זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק, דערזעענדיק דעם מורא־גלאַנציקן גאַסט פאַר די שוועלן. און ביי וועמען דער שוועל איז געווען אַ נידעריקער, האָט שוין דער גאַסט אפילו געגומען קריכן אין שטוב אַריין.

פּאַרטאָגלעך איז דאָס בילד געוואָרן נאָך גרויזאַמער. קליינינקייטן אין שטוב און אין הויף האָבן זיך שוין געלאָזן שווימען, און אומעטום, אין שטאַל, אין שייער, אין שטוב, אין הויף גלאַנצט דער גאַסט מיט אַ קאַלט אויג, גלאַנצט,

הערט זיך ניט צו צו די באַלעבאַטימס אומצופרידנקייט און נעמט זיך צע־שפּרייטן און זיך מאַכן באַקוועם. די בהמות מיט די מענטשן זיינען אינאיינעם געשטאַנען אין די הויפן און זיך שטאַרק דערגענטערט צווישן זיך אין דער מורא און אין דער אומבאַהאָלפנקייט. ביז די מענטשן האָבן זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט און גענומען טרייבן די בהמות פון די הויפן אַרויס, יענע זאָלן קאָנען אַוועקשווימען אין דער ענגסטער שעה. און די מענטשן — די ווייבער מיט די קינדער אויף די הענט, די מאַנסבילן, די עלטערע און די ייִנגערע — האָבן זיך געלאָזן לויפן, ווער אין דער טיפקייט פון דער סכנה, און ווּעמען דער געדאַנק האָט נאָך געדינט, איז געלאָפן פון דער סכנה און וויטער.

די געשעדיקטע זיינען געלאָפן אַ סך דורך אונדזער דאָרף. דער רעגן האָט זיך פּונקט איינגעשטילט, און ס'איז אַרויס אַ זון, אָבער די שרעק האָט געדויערט און זיך גיך איבערגעגעבן צו אונדז אויך, און מ'איז געשטאַנען מיט פּעק גרייט צו לויפן. ניט קוקנדיק, וואָס אונדזער שטוב איז געווען ביי זייט־אויס אין סאַמע עק דאָרף, זיינען פונדעסטוועגן פאַרלאָפן מענטשן צו אונדז אויך און געקריגן צו שטיקלעך ברויט, זיך אומגעקוקט אויף דער אייגע־נער חשכותדיקער הוילקייט און געלאָפן וויטער. די גרעסטע טייל געסט אונדזערע זיינען געווען קאַטוילישע, אָבער צווישן זיי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ייד אויך, אַ ייד מיט אַ קינד.

דעם יידן האָב איך דערקענט פון דער ערשטער רגע. ס'איז געווען עבדיה. ער האָט געהוילן מיט זיין געלער שטים ,ווי אַן אומגליקלעכער הונט, וואָס פאַרלירט אין יאַריד זיין באַלעבאָס. זיינע גלעזערנע אויגן האָבן גע־גלאָנצט און ער האָט געהאַלטן אַן איינציאַריק קינד אויף די הענט. ביים קינד איז דאָס קעפּל געווען דווקא אַרומגעבונדן מיט אַ רויט שטיקל שמוציק צייג, אָבער דאָס גאַנצע לייבעלע איז געווען נאַקעט און אין פיל ערטער געדיכט באַשאָטן מיט קרעץ.

איך האָב עבדיהן דערקענט, ער מיך — ווייזט אויס, ניט. נאָר ס'איז ניט געווען קיין צייט אויף זיך וואַרפן מיט ווערטער. איך האָב אים געגעבן עסן און אים דערלאַנגט אַ פּאָר טרוקענע הויזן, אָבער ער הערט ניט, וואָס מ'רעדט צו אים. די קליינע נאַסע אויגן זיינען ביי אים חיהש־צעשראָקן. ער האַלט אין איין הייבן דאָס קינד מיטן נאַקעטן לייבעלע און מיטן שמאַטקעלע אויפן קאָפּ העכער פון זיך, אַזוי ווי דאָס וואַסער וואַקסט לעם אים פאַר די פיס, און קיין וואַסער איז דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט געווען צו זען. פאַרקערט, די זון האָט שוין זייער ליב אַריינגעשיינט אין די אָפענע פענצטער און גע־וואַרעמט, געטרייסט, געוואָלט אומקערן ס'פאַרלאָרענע. און ער וויינט, אַזוי ווי עמיצער לאַכט, און צום קינד רעדט ער: — וואו איז די מאַמע? בישטאָ שוין קיין מאַמע, זי איז אַוועקגעשוואומען, זע נאָר, זע נאָר, זי שווימט, די מאַמע דיינע שווימט!

מיין אַלטער באַקאַנטער, עבדיה, זע איך, לעבט איבער אַ גרויס אומגליק. דאָס רויטע שמאַטקעלע אויפן קינדס קאָפּ מאַכט עפּעס בולטער ס׳נאַקעטע צעקרעלטע לייבעלע. ער מיט די באָרוועסע פיס און אַ נאַסער ביז העכער אַ האַלבן גוף וויינט, אַזוי ווי אַ חיה אַן „ער״ לעם זיין טויטער „זי״.

ביילוניע האָט אים אָנגעקוקט מיט שרעק און אים מורא געהאַט דער־לאַנגען. זי האָט געקוקט פריער אויף אים, דערנאָך געטראָגן דאָס עסן, דאָס ברויט און דאָס אָנטאָן צו מיר, אַז איך זאָל דאָס אים געבן.

דערנאָך איז אַריין די לאַמעדוואָווניטשקע פון גאַס, האָט זי פריער גענומען צו אים ריידן אויף פּויליש (ווייל דער גרעסטער טייל איינוואוינער פון די ביידע דערפער זיינען קאַטאָליקן). ער האָט אויף איר אויך אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ. אַ רגע האָט זי אים אָנגעקוקט, אַזוי ווי אַ פּאַריקטע, און זיך פּלוצעם געגעבן אַ וואָרף אינעם צווייטן חדר אַריין.

פאַר אַזאַ בילד זיך דערשרעקן, האָב איך געקלערט, איז שוין גאָר ניט פון די שווערע זאַכן. ביילוניען האָט זי אין אַ רגע אַריינגערופן צו זיך און זי שוין פון דאָרט ניט אַרויסגעלאָזט.

ס׳האָט אויף איר שוידערהאַפט, קלער איך, געווירקט דער אויסזען פונעם נאַקעטן קינד. איך בין אויך אַריינגעלאָפן צו איר אין צימער אַריין. איך זע, אַז אַלע קאָלירן זיינען איר אַריין אין פּנים, און דאָס האַרץ קלאַפּט ביי איר, אַז ס׳פאַלט שיעור ניט אַרויס. האָב איך זי גענומען מונטערן:

— וואָס האָט איר זיך דערשראָקן? — פרעג איך זי. — גאָט איז מיט אייך, ער איז דאָך אַ סאַנדאָמירער משוגענער, איך קען אים (וואָס עפּעס „משוגענער״, ווייס איך אַליין ניט). —

און זי איז געל און גרין און רויט. דאָס האַרץ, זע איך, ווי ס׳טיאָכקעט ביי איר, אַז אָט שפּרינגט עס אַרויס.

האָב איך שוין משלח געווען עבדיהן מיטן קינד. איך האָב אים אָנגע־שטופּט גענוג עסנוואַרג מיט טרוקענעם אָנטאָן.

און אין דאָרף האָט זיך נאָך געטומלט ביי אונדז אַ גוטע וואָך צייט מיט די חורבנות פון דער פאַרפלייצונג. אין די דערפער נידעריקער פון אַלט־ציגלינקע האָט מען געשלעפּט דערטרונקענע און פי, און חפצים. מענטשן האָבן אַזוי לאַנג געקלאָגט, ביז זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן אינעם וויינען, און ס׳האָט זיך שוין ביי זיי געגאָסן אַליין פון זיך, ווי אַן איינגעחזרטער ניגון.

.9

אָט די ביילוניע, דאָס זעלבע ווייב מיינע, וואָס מענטשן שטעלן זיך נאָך איצטער אָפּ אין גאַס אויף איר קוקן, איז דענסטמאָל, ווי געזעדט, געווען אַ קליינס, און איך מיט איר אין איינע יאָרן.

גייען מיר איינמאָל ביידע צום ברונעם נאָך וואַסער אויף טיי שטעלן.

זוכן מיר כסדר אויס דעם ווייטסטן הויף מיטן ווייטסטן ברונעם. דערציייל איך איר און דערצייל פון זאַכן, וואָס וועלן זיך טאָן, בשעת איך מיט איר וועלן זיך אַמאָל באַזעצן זעלבסטשטענדיק אין דער גרויסער, גרויסער שטאָט. פּלוצעם רופט זי זיך אָן:

— מענדיק, וואַרט נאָר, די מאַמע האָט נאָך דיר ניט געזאָגט גאָרניט פונעם נייס?

— פון וועלכן?

— ווייסטו נאָך ניט, טאָ האַלט זיך אַ רגע איין, וועסטו שוין באַלד וויסן.

דעם סאַמאָוואַר שטעלן איז געווען מיין אַרבעט, און ווישן די גלעזער אויך, און דערלאַנגען צום טיש אויך. די טאָכטער פלעגט זיך מיט מיר מיינסטנס שלאָגן פאַר דעם כיבוד, דערפאַר פלעגט אָבער די מאַמע זיך קיינמאָל ניט מישן, זי פלעגט זיצן און טאָן איר אַרבעט, העפטן קרוזשעוועס און נייען פאַר די דאָרפישע מיידן יום־טוב־זונטאָגדיקע הלבשה. איצטיקס מאָל, אַז מיר זיינען געקומען מיטן קאַראַמיסלע וואַסער, איז זי אַליין געשטאַנען און איבערגעווישט די גלעזער. די ניי־מאַשין, האָב איך זיך אַרומגעקוקט, איז צענומען און פאַרפאַקט ערגעץ, אַזוי ווי אויף אָפּשיקן. און זי רופט זיך אָן צו מיר:

— זיצט, מ׳וועט איינלאַדען די קיך אָן אייך. אַ מאַנספּאַרשוין מאַכט זיך אַ נאַטור נאָר קריכן צו די טעפּלעך. ביילוניע האָט אייך שוין געזאָגט?

— זי האָט מיר ניט געזאָגט, זי האָט מיך געפרעגט.

— וואָס האָט זי אייך געפרעגט?

— צי איר האָט מיר ניט געזאָגט.

און איך זע, אַז ביילוניע פאַרעט זיך לעם סאַמאָוואַר אין הייזל, און ס׳שטופּט זי צום לאַכן פון אונדזער שמועס.

— נו, איז די מעשה דערפון אַזוי, לערער (אַזוי הייס איך ביי איר כמעט ביז היינטיקן טאָג), מיר פאָרן אַרויס פון דאָרף, איך וויל זיצן צווישן מענטשן, אפשר וועלן מיר זיך באַזעצן אין נאָוואָגראַד, קען זיין, און איר... איר, ווי איר ווילט זיך.

זי איבערפרעגן וואָס און ווען — איז ניט שייך, וואָרעם אויב ניט, וואָלט זי דאָך ניט געווען קיין לאַמעדוואָוניטשקע. ס׳גלאַט, וואָס דער טאָן פון אָפּרוקן מיך מיטאַמאָל אויף צען מייל ווייט — „איר" און „ווי איר ווילט זיך" — אַזעלכעס פלעגט מיך אונטערצינדן ערגער פון איך ווייס וואָס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס פאַר אַ פליג ס׳האָט זי דאָ פּלוצעם אַ ביס געטאָן, מיין לאַמעדוואָוניטשקע, ווייס איך ניט. אָבער איך האָב שוין געוואוסט, אַז קוים האָט זי געזאָגט, זיינען מיר שוין מאָרגנדיקן טאָג אַלע ניט קיין היגע. מיר האָבן אָפּגעטרונקען טיי. דער יונגער שוויגער מיינער האָב איך איינגעהאַלטן אַ

זאָג געטאָן, אַז איך בין גרייט אין וועג יעדע שעה. און מיטביילוניען האָבן מיר זיך גענומען פאַר די הענט און זיינען אַרויס פון הויף.

איליושקע האָט אויף אונדז געוואַרט אין דרויסן, אַזוי האָב איך דערקענט אין זיין פּנים, און אונדז צוגעטראָגן אַ זשוק, וואָס די הערנער זיינען גרעסער אפשר דריי מאָל פונעם זשוק אינגאַנצן. ביילוניע האָט ביי אים צוגענומען ד׳עם זשוק. איליושקען האָט זי דערפאַר אַ כאַפּ געטאָן אונטער ביידע הענט און אים אַרומגעדרייט אַרום און אַרום אַ מאָל דריי, און מיר זיינען אַרויס פון הויף.

ס׳איז געווען אַ וואָכן צוויי נאָכן געוויסער. אויף די שטאַמען פון די ביימער זיינען געווען אָנגעקלעפּט בלאָטיקע סימנים, וואו דאָס וואַסער איז געשטאַנען, אָבער אויף דער ערד איז שוין ניט צו דערקענען. מיר זיינען אַוועק טיף אין הויף, דורכגעגאַנגען דעם באַלעבאָס שטוב, אַריבערגעקראָכן איבער דער זאַסאַוועקע אין צווייטן הויף מיט שייערן און פון דאָרט איבער אַ ברעטל־טרעפּעלע אין אַ גאָרטן אַריין. דאָרט איז דאָ אַ ברייטע סטעזשקע פאַר צוויי מענטשן, און דאָרט האָבן מיר כסדר ליב געהאַט גיין אינצווייען.

באַזונדערס דאַן, ווען ס׳דאָ עפּעס וויכטיקס פון וואָס צו ריידן.

איצט האָט מיך די קליינע געפירט פאַר דער האַנט. איך בין שוין געווען ניט קיין היגער. מיר האָט געקלאַפּט אין קאָפּ אַ נסיעה אין אַ פרעמ־דער שטאָט און מיט פרעמדע מענטשן. אָבער ביילוניע איז מיר געקראָכן אין האַרצן אַריין און אין דער נשמה אַריין און אפילו אונטער די נעגל אויף די שפּיץ פינגער, אומעטום האָב איך געפילט איר נאָענטקייט.

לעם קוואַל האָט זי אָנגעהויב ריידן:

— מענדיק, — זאָגט זי, — ביסט ניט אין כעס אויף דער מאַמען?

— פאַרוואָס זאָל איך עפּעס זיין אויף איר אין כעס?

— נו, גוט, אַ ביסעלע, זע איך. ביסטו אויף איר אין כעס, אָבער דאָס איז גאָרניט. איך וועל דיר פרעגן אַ זאַך, פון וואָס איך האָב נאָך מיט דיר קיינמאָל ניט גערעדט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט צו מיר אויף די הענט, מיר פאַרוואָרפן די הענט אַרום האַלדז, מיר אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן, און זי האָט זיך מיט מיר צערעדט פון דעם, אויף וועלכן איך האָב זיך ניט געקליבן קיינמאָל צו פרעגן.

זי האָט זיך צערעדט וועגן דעם, וואָס די מאַמע אירע באַהאַלט אויס פון איר דעם סוד פון איר געבוירן. זי האָט ניט קיין טאַטן. מיר איז זי מקנא אויף דעם, וואָס איך האָב אַ טאַטן, זאָל זיין אפילו אַ שלעכטן. די מאַמע, אַז זי רעדט מיט איר פון דעם איין מאָל אין אַ יובל, זאָגט זי איר, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן, אָבער זי ווייסט, אַז ס׳איז אַ ליגן, אפילו נאָר צוליב דעם אַליין, וואָס זי הייבט זיך אויף אַזוי פּלוצעם און לויפט איבער פון איין אָרט אויפן צווייטן, ווייסט זי, אַז ס׳איז אַ ליגן.

איך האָב נאָר געקוקט אויף איר און זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַזוי אַריינגעקוקט אין זיך, אַז מיר איז ניט געווען קיין חילוק, פון וואַנען זי קומט צו אונדז, צי מען האָט זי פון הימל אַראָפּגעלאָזן אַזאַ, צי די מוטער האָט זי פון ברונעם אַרויסגעצויגן. אָדער אפשר איז זי, די לאַמעדוואָוניטשקע, קליינוויז אַנטלאָפן פון דער היים מיט הייסער ליבע, און צום סוף האָט זי עמיצער גאָר באַעוולהט און אָפּגענאַרט. וואָס גייט עס מיר אָן? זי איז מיר שיין, זי דערפרייט מיך, זי באַרייכערט מיך, זי רופט ביי מיר אַרויס אָרנטלעכקייט און מוט צו שיינקייט. אָט דאָס איז ביילוניע, דער וואונדער, אויף וועלכן איך האָב זיך צופעליק אָנגעשטויסן אין אַ דאָרף ניי־ציגלינקע אויף דעם און דעם מערידיאַן, דער און דער פּאַראַלעל, אין אַ פּינטל פונעם ערד־קיילעך, וואָס אויף דער מאַפּע איז אים ניט צו געפינען — אין ניי־ציגלינקע.

.10

זיינען מיר געקומען, הייסט עס, אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין? יאָ, מיר זיינען געקומען.

האָב איך זיך געדונגען אַ צימער, די אַנדערע שטוב פון דער לאַמעדוואָוניטשקע?

יאָ, יאָ.

האָב איך געגעבן שטונדן און אַלע טעג געמוזט זען אַ מיידעלע אַ שלאַנקע, אַ דינינקע, מיטן נאָמען ביילוניע? אַ מיידעלע וואָס נייט אַ גאַנצן טאָג און פאַרנאַכט איז זי ערשט פריי?

יאָ, איך האָב איר געגעבן נייען און זי האָט גענייט.

האָב איך זיך ניט געקענט אומטרייבן פון דער מענגע בחורים, וואָס האָבן זיך אויף איר אַ שאָט געטאָן? האָב איך געמיינט אַלעמאָל, אַז איך בין ווינציק שיין, ווינציק שטיף, ווינציק געלערנט, ווינציק אויסגעאַרבעט?

און אַלע אָוונט האָב איך געהאַט זי לעם זיך, און זי האָט זיך געשפּילט אין איר יוגנט, אַזוי ווי אַ פויגל אין לופט ביי אַ קלאָרן זומערדיקן וועטער. און איך, איך האָב אָנגעקוואָלן פון דעם, וואָס אַלע אָנערקענען אונדז פאַר גלייכנס און זיינען נאָך אונדז די כפרה?

יאָ.

11

צי ס'איז דעמאָלט אָנגעקומען גרינג דאָס באַזעצן זיך אין נאָוואָגראַד? פונעם ערשטן קוק — גרינג.

מ'דינגט זיך אַ דירהלע אין עק שטאָט. גרינס איז דאָ ניט אין הויף גופא, איז אין צווייטן הויף איבערן פּלויט. די שוויגער זעצט זיך גלייך פונעם ערשטן טאָג נייען. די קליינע געפינט זיך אויך אַרבעט אין אַ מאַגאַזין. זי געפינט

אומעטום חן פון דער ערשטער רגע אָן, און אַרבעט אויך. ביי איר זיינען גאָלדענע פינגערלעך. שיקט מיך די שוויגער, איך זאָל אַריינקומען אַ פּאָר מאָל זען, וואָס פּאַר אַ מענטשן דאָרט זיינען. זיינען דאָרט לעת־עתה קיין סך מענטשן ניטאָ: אַ דאַמע פון אַ יאָר פופציק, וואָס האַלט צוויי מיידלעך בייטערינס, אונדזערע — אַ דריטע, און ביי דער דאַמע אַ זון, אַן איין־און־איינציקער, דוכט זיך, מיט קנעפּ, אַ געפּאַקט בחורל און אַ פּריצל...

אַלע פּאַרנאַכט, אַ מינוט פינף, אידער מען ענדיקט די אַרבעט, טרעף איך דעם יאַט מיט די קנעפּ זיך אַרומדרייען פאַר דער טיר: איר ווייסט ניט, וואָס אים גלוסט זיך?

ניין, איך ווייס ניט.

און איך קום אַריין גליך אין מאַגאַזין, פאַרנעם מיר מיין שנירעלע פּערל, און היידאַ.

מיטן בחור מיט יענעם בין איך נאָך ניט באַקאַנט, אָבער ער מיך קען שוין גוט. איך זיץ אים שוין, דוכט זיך, אַזוי־אַ אין האַרצן.

12.

איינמאָל אין אָוונט טרעף איך ביי מיין שוויגער אַ יידן מיט אַ קאַפּעליושל. מען סודט זיך אין אַלקערל, מיין שוויגער איז רויט. מ׳קען מיינען, אַז גאָט ווייסט וואָס. (מיין שוויגער איז דאָך מער ניט אַלט ווי וואָסערע דריי און דרייסיק יאָר, אויב פינף און דרייסיק, איז שוין אַ סך). דאָס געפּאַקטע יידל איז אויך רויט ווי אַ צוויק. דאָס געשווירענע בערדל איז דין און קיילעכיק פאַרשפּיצט, ווי אַ זאַסטעפּל, און די אויגן שפּאַרן פון דער געשווירנקייט אַרויס מיט רויטקייט.

איך בין ניט קיין משגיח אויף מיין שוויגער, נאָר וואָס איז עס און פאַר־וואָס אַרט עס ניט ביילוניען?

אין אַ שעה אַרום מעלדעט מיר ביילוניע, אַז זיי האָבן שוין פּעסער. זי מיט איר מאַמען. זיי האָבן פריער אויך געהאַט פּעסער, נאָר איר מאַמע האָט אַלע יאָרן געוואָלט אַנדערע פּעסער. איצט האָט זיי אָט דאָס יידל אַ טובה געטאָן.

אַזוי גאָר. איז עס אַ יידל פון פּעסער, און מיין שוויגער האָט פון דעם מיט מיר קיין סך ניט גערעדט. זי האָט נאָר געזאָגט:

— לערער, מיר ציען זיך אַרויס אין צווייטן עק שטאָט אַריין, זאָרגט זיך ניט, מירן זיך מער ניט אַרומריפּען.

און זי איז געוווען אויפגעלייגט, ווי זעלטן ווען. זי האָט זיך געדרייט איבער דער שטוב גרינג, גאָר ניט אַזוי ווי אַ מאַנאַשקע און גאָר ניט אַזוי ווי אַ לאַמעדוואָווניטשקע.

— און איר וועט פירן צו מיר וואָס ווינציקער מענטשן, — האָט זי געזאָגט.

— גוט?

— אַוועלכע מענטשן? — קוק איך זי אָן, און איך בין אויך פרײלעך, וואָס איר איז אַזוי גוט אויפן האַרצן.

— אַוועלכע מענטשן? — פרעגט זי מיר איבער, און זי איז פאַרנומען אַלץ מיט אירע אייגענע זאַכן. — איך האָב געזען אײערן אַ ברודער אומגײן איבער דער שטאָט.

— מײַנעם אַ ברודער?

— יאָ... אויב איר ווייסט ניט, אַז ער איז דאָ, גלייב איך אייך. נאָר ער איז דאָ, איך האָב אים געזען. ס'איז אײערער אַ ברודער, אַן עלטערער פון אייך.

פאַרוואָס בין איך געוואָרן פּלוצעם בלייך, ווייס איך ניט.

נאָר איך וואָלט אויך וועלן דערזען פּלוצעם אַ ברודער מײַנעם דאָ אין שטאָט. אָדער אפילו דעם טאַטן, אָדער דעם זיידן.

און וואָס האָט ביילוניע געטאָן? ביילוניע האָט מיך אַוועקגעפירט אין צווייטן צימער, מיך אַנידערגעזעצט אויפן באַנק. אַליין זיך אַוועקגעזעצט צו מיר אויפן שויס און מיט אַ צונויפגעשנירעוועטן פּיסקל גענומען קוקן אויף מיר.

— וואָס איז? — שווייגט זי, שווייגט. דערנאָך קוקט זי אַלץ, און דערנאָך זאָגט זי:

— אַלעמען האָסטו! דו האָסט אַ טאַטן, דו האָסט אַ זיידן, דו האָסט אַ שוויגער... דו האָסט זיך אַליין, דו האָסט מיך! איצט האָסטו שוין אַ ברודער, און איך האָב נאָר דיך אַליין...

— איז דיר ווינציק?...

האָט זי מיך אַרומגענומען מיט אירע ספּרונזשינקעלעך, האָט מיך אויפגעטראָטעוועט ביי איר אין דין שטאַלטעלע, און איך האָב געוואוסט, אַז ס'איר ניט ווינציק. ניין, ס'איר ניט ווינציק, נאָר זי וואָלט אויך וועלן נאָך.

.13

אין יענעם נאָוואָגראַד, אין יענעם פאַרמלחמהדיקן נאָוואָגראַד, האָב איך זיך געלאָזן זוכן מײַן ברודער (וואָס מײַן שוויגער האָט ערגעץ דערקענט), ווי אַמאָל די ברידער האָבן זיך געלאָזט זוכן יוספן. איך האָב די וואָכעדיקע טעג ניט אויפגעהערט קוקן יעדן מאַנסביל אין פּנים אַריין, און די זונטאָג־טעג האָט מיר ביילוניע אויך אונטערגעהאָלפן. ביז איינמאָל אין אַ זונטאָג־טאָג גייען מער דורך גרויס־זשיטאָמירער גאַס. אין אַ פענצטער שטייט אַ פּאַר־פאָלק, אַ יונגערמאַן מיט אַ ווייבל, לעם פענצטער איז דאָ אַ טיר, אַ רויט־געפאַרבטע, און אויף דער טיר הענגט אַן אויסגעשייערט מעשן שילדל: „זובנאָי וראַטש שענקמאַן".

איך האָב זיכער, דאָס שילדל טויזנט מאָל געזען און קיין איין מאָל ניט געלייענט און ניט געלייגט אויף דעם קיין אַכט.

נאָר איצטער איז מיר שוין אַלץ קלאָר, ס׳שלמה. און ער איז דאָ אין שטאָט אַ תושב.

מיט שלמהן זיינען מיר געווען ווינציק וואָס חבר. ער איז אויף אַ סך עלטער און איז יאָרנווייז ניט געווען אין דער היים. ער האָט זיך געלערנט אין וואַרשע.

— קום, זאָג איך צו איר, — לאָמיר אַריינגיין.

— וואוהין? — פרעגט זי מיך.

— טאַקע אָט אַהער!

און איך בין עפּעס מאָדנע אָפּהענטיק. אָבער פון ניט אַריינגיין איז ביי מיר קיין מחשבה ניטאָ.

(ערשט דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז בשעת מיין שוויגער האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן פלוצעם מיט אַ ברודער, האָב איך זיך פאַרגעשטעלט אַ ברודער אַ פאַנטאַסטישן, אַ מעשהדיקן, טאַקע נאָכאַמאָל איינעם פון יוספס ברידער, און ניט פון מיינע, וועלכע איך האָב ווינציק געקענט, ווייל איך בין געווען דער קלענסטער, און צווישן מיר מיט די עלטערע זיינען געווען די שוועסטער).

אַז מיר זיינען אַריין האָט מען אונדז געזאָגט:

— סעוואָדניאַ פּרייאָמאַ ניעט, — און דערנאָך, אַז ער האָט מיך דערקענט, האָט ער ערשט געמאַכט אַ וויוואַט מיט פאַלן אויפן האַלדז און אַזוי ווייטער. און זיין פרוי, אַ וואוקסיק, הויך ווייבל, אין ווייסן אָנגעטאָן, האָט געהייסן דערלאַנגען צום טיש, און ער האָט ניט אויפגעהערט קוקן אויף מיר מיט ביילוניען... ער — אַ שיינער געגאָלטער מאַנסביל. פאַר קליינשטעטלדיקע מיידלעך, וואָס קומען נאָך אינטעליגענטנע היילונג, איז ער אַ דאָקטאָר, פאַר מיר — אַ פרעמדלעכער באַלעבאָס פון צימערן, פון גלאָז־געפעס מיט זילבער־נע לעפעלעך...

און איך האָב געמיינט, אַז לאָמיר נאָר אָפּזוכן מיין ברודער, וועל איך אים שוין איינמאָל באַגעגענען...

איז ער טאַקע אַזוי ענלעך אויף מיר, וואָס די לאַמעדוואָוניטשקע האָט אים דערקענט?

מיר זיינען געזעסן ביים טיש און געגעסן.

דערנאָך האָט ער איבערגעלאָזן די ווייבער פאַרברענגען און מיך גענומען אין זאַל אַריין, מיך אומגעפירט, פאַר דער פלייצע האַלטנדיק, און זיך ביי מיר דערפרעגט אויף ביילוניען, און מיך געפרעגט, צי בין איך ניט אַ בעלן זיך דערשלאָגן מיט אייגענער מי און ווערן אַ מענטש, אַזוי ווי ער. און ער האָט מיר ניט דערציילט, אַז ביי אים ליגט אַ בריוו פונעם זיידן, אַז איך,

דער מיזיניק, בין ערגעץ נעלם געוואָרן, און לויט ידיעות בין איך ערגעץ אַנטלאָפן מיט פאַרדעכטיקע צוויי פרויען. אים אַרט ניט, שרייבט ער, דער זיידע, קיין יחוס, משפחה, אים אַרט ניט קיין צושטאַנד, אים אַרט נאָר, טאָמער איז עס עפּעס אַזוי ניט מיט אַלעמען, חלילה, און ער ווייסט ניט וואָס איבער־צוקלערן.

דערוואוסט האָב איך זיך וועגן דעם בריוו אין אַ צייט אַרום. און ליב באַקומען דעם זיידן נאָך מער. ווען ער וואָלט געווען לעבן נאָך אַ ביסל, וואָלט ער געווען האָבן מיך מיט ביילוניען פאַר געסט ביי זיך, און ער וואָלט זיך באַרואיקט. כאָטש איר יחוס המשפחה איז פאַר מיר אַליין אומבאַוואוסט, און סע הייבט מיך גאָר ניט אָן אַרן.

## .14

ביילוניע זאָל גיין צו מיר אַהיים — האָט אונדז די שוויגער מיינע קיינמאָל ניט געוועדט, פלעגט זי קומען, און מיר פלעגן עסן נאַשערייען, און מיר פלעגן לייענען ביכלעך, און מיר פלעגן ליגן, און מיר פלעג זיצן, און מיר פלעגן גיין אויף פאַרזאַמלונגען, אין פאַראיין ,אין טעאַטער. ביילוניע האָט נאָך עד־היום ליב טעאַטער.

איינמאָל אין אוונט, ווינטער איז עס געווען, גייען מיר ביידע מיט גרייטע איינגעקויפטע בילעטן אין דראַמע אַריין; און זי רעדט מיר אָפּ, אַז וואָס זי וועט היינט נאָר טאָן, זאָל איך זי ניט איבערפרעגן, און אויך טאָן דאָס זעלבע.

פאָלג איך זי.

— און דו זאָלסט זיך ניט מישן.

גייען מיר אַרויס און קומען צו די טירן פון דראַמע. שטייט אַ יינגעלע און פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, שטייט אַ מיידעלע און פאַרקויפט איריסלעך. גייט זי צו, גיט אָפּ איר בילעט דעם יינגעלע, און מיין בילעט הייסט זי אָפּגעבן דעם מיידעלע.

— מיר גייען, — זאָגט זי, — היינט אויף אַ קאָנצערט, איז אָן עבירה, די בילעטן זאָלן פאַרפאַלן ווערן.

— פאַשלי?

— פאַשלי!

גייט זי מיט מיר אין קאָנדיטערייי און קויפט און קויפט.

גייט זי מיט מיר אין אַ גאַסטראָנאָמישן מאַגאַזין און קויפט און קויפט.

האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז היינט קער זיין אָדער איר געבורטסטאָג, אָדער מיינער (וועלכן איך געדענק ניט, ווייל אין מיין דערציאונג האָט עס קיין גרויסן ווערט ניט געהאַט), אָדער איר מאַמעס...

— שיקט עס אונדז אָפּ אויף דעם און דעם אַדרעס. — (זייער פיין. דאָס מיינט מען מיין צימער).

אַוועק.

וואוהין? צו מיין ברודער. דאָרט האָט זי זיך זייער פריילעך געשפּילט מיט מיינע פּלימעניקעס, האָט געשטיפט אַליין אָן אַ שיעור, דעם ברודער מיט דער שוועגערין האָבן מיר ניט געטראָפן אין שטוב. זיי זיינען ערגעץ געוועזן אין געסט.

דערנאָך אַהיים.

דערנאָך צו מיר אַהיים...

— לאָמיר פאַרשפּרייטן דעם צימער אין ווייסן, — זאָגט זי, — לאָמיר אָנצינדן ליכט. איך וויל, ס׳זאָל זיין ליכטיק!

— אונדזער שטוב, — גיט זי ווייטער אויף, איז איינע אַליין אין אַ גרויסן, גרויסן וואַלד! אַרום איז דאָ קיינער ניטאָ. מיר זיינען יעגער, וואָס זיינען ערשט געקומען, איבערגעטאָנענע פון שטאָט, און ס׳איז אונדז גוט אויפן האַרצן. לאָמיר עסן, לאָמיר טרינקען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און לאָמיר אַראָפּוואַרפן פון זיך אַ ביסל אָנטאָן, וועט אונדז זיין ליי־

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר האָט זי געבייט, און איך האָב געגעבן שטונדן. נאָר איצט, איצט איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן, איצט זיינען מיר נאָר יעגער, זייער מעכטיקע, דרייסטע — ניטאָ וואוהין דעם כוח אַהינצוטאָן.

ליכט! ליכט! וואָס מער ליכט!

לאָמיר זיך קושן.

לאָמיר זיך נאָך מער אויסטאָן.

מיר זיינען צוויי יעגער. ביי אונדז איז איצט אַ יום־טוב.

מיר גייען מיט כוח.

מיר גייען מיט מוט.

מיר גייען מיט איידלקייט.

און ס׳שוין ניטאָ אויף אונדז קיין מלבוש, ניטאָ אויף אונדז קיין זאָק, ניטאָ קיין העמד, ניטאָ קיין אין פאָדעם קיין פרעמדער.

און ס׳ליכטיק און ס׳ שיינענדיק, און ס׳גאָלע ליכט, גאָלע טאָנץ, גאָלע געזאַנג.

מיר זיינען צוויי ווילדע יעגער...

ליכט גייען אויס, פייער צעברענט זיך, בעכערס ליידיקן זיך אויס, הערצער פילן זיך אָן.

מיר גייען אום אויף אויסגעשפּרייטער ערד, מיר זיצן אויף אויסגע־שפּרייטער ערד, מיר קייקלען זיך אויף אויסגעשפּרייטער ערד.

מיר זיינען צוויי ווילדע יעגער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז די נאַכט האָט געהאַלטן ביים ענד, האָבן מיר זיך שוין ניט געוואָלט פאַרהאַלטן, און מיר האָבן חתונה געהאַט.

געשלאָפן זיינען מיר שפּעט אויפן טאָג.

מיר האָבן זייער יונג חתונה געהאַט. איך האָב זי ניט געפרעגט, וואָס ווייס וועגן דעם אַלעם מיין שוויגער. ביילוניע איז געווען צופיל זעלבסט־שטענדיק, איך זאָל זי פרעגן וועגן אַזעלכע זאַכן. מיר זיינען דעם גאַנצן טאָג ניט געגאַנגען צו דער אַרבעט. מיר זיינען דעם גאַנצן טאָג געווען אינאיינעם. מיר זיינען דעם גאַנצן טאָג געווען אומעטום. מיר האָבן זייער שיין חתונה געהאַט. מיר האָבן קיינעם קיין האַלבן וואָרט ניט דערמאָנט פון גאָרניט. אויב איר זייט קלוגע און איר שטויסט זיך אַליין אָן, איז אייער גליק.

מיט וויפל יאָר איז עס געווען צוריק, ווייס איך ניט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן איינמאָל ווינטער אין אָוונט.

## 15.

מיט ביילוניען האָבן מיר יאָרן נאָך יענעם אָוונט געוואוינט אין באַזונדערע צימערן.

מענטשן האָבן אונדז אויפגענומען פאַר נאָענטע פריינט, און מער ניט. און בחורים, בחורים. ביילוניע מיינע וועט מיך אפשר איפּערן צו יענער ביילוניען, נאָר, ווי גערעדט שוין, איז אויב איצטער האָבן מיר פּרוכטן, איז דענסטמאָל געווען בליאונג.

און ווען איך וויל שרייבן פון יענער צייט כסדר, וואָלט איך פיל שעהן אויף דעם געדאַרפט אויסגעבן און פיל בלעטלעך פּאַפּיר, אָבער אַזוי ווי איך וויל ענדיקן מיט ניי־ציגלינקע, וועל איך שרייבן קורץ און וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף די מלחמה־יאָרן און רעוואָלוציע, וועלכע האָבן מיר דענסטמאָל באַשטימט מיין עלטער און מיין כאַראַקטער אפילו.

איך וויל דאָ נאָר פאַרשרייבן, אַז אין די יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע האָט די שוויגער חתונה געהאַט קיין סיביר. פאַר איר איז דאָס וואָרט חתונה גע־האַט זייער באַנאַל, אָבער אַזוי רעדט זיך עס דערווייל. נאָך דער רעוואָלוציע, ווען ס׳האָבן זיך צעבראָכן און צעשוואומען אַ סך אויסגעטראַכטע פּלויטן, איז פון איר אויך עפּעס אָראָפּגעפאַלן (אַ צוים, אַ פאַרבאָרגענער פאַר אירע נאָענטסטע אפילו), און זי איז אַוועק פון אונדז שטיל און רעטענישפול, פּונקט ווי אומפאַרשטענדלעך זי איז געווען פאַר אונדז די גאַנצע צייט.

און איך וואָלט איר רעטעניש ניט געוואוסט קיינמאָל, ווען ניט מיין אַמט און ווען ניט ניי־ציגלינקע נומער 2, וואָס איך בין אַרויסגעפאָרן אַהינצו אַלס ריכטער און וואו צווישן אַלע ענינים איז געלעגן פאַר מיר אַן ענין פון עבדיהן.

עבדיה לעבט נאָך, עבדיה לאָדט זיך מיט איינער פון זיין קאָלעקציע ווייבער.

שלום־שלמה דעם אָרעמאַנס ווייב, וואָס די אונטערשטע העלפט איז ביי איר צוויי מאָל גרעבער פון דער אויבערשטער און די פיס זיינען ביי איר ביידע לינקע, איז איר האָט ער עס צוגעזאָגט אַלע גליקן, זי האָט ער עס פאַרפירט דאָס מאָל אין דאָרף אַריין צו זיין גבירעשאַפט, איז עס ניט געווען קיין דאָרף, נאָר אַ חורבה פון פיר חושכדיקע ווענט הינטערן סאַמע וואַלד. די בהמה, וואָס זי האָט פאַרפירט אַהינצו, האָבן וועלף אויפגעגעסן, און אַליין האָט זי זיך אויפגעהויבן מיט איר טאָכטער און איז קוים אַ לעבעדיקע אַנטלאָפן געוואָרן צו זיך קיין סאַנדאָמיר.

וואָס וויל עבדיה? עבדיה וויל צום קינד, וואָס זי האָט אין אַ צייט אַרום פון אים געהאַט, און ער דערציילט, אַז מ'לאָזט אים ניט אַריין אין שטוב אַריין, אַז מ'דערזעט אים נאָר גיין, פאַרשליסט מען פאַר אים די טיר, און דאָס קינד לערנט מען, ס'זאָל אים שטופּן פייגן און אויף אים שפּייען.

איך קוק אויף דעם עבדיהן. אַ פּנים האָט ער פון אַ שלממזלדיקן צאַפּ ביי אַ באַלעבאָס אַן אָרעמאַן. ניט יעדערער קוקט זיך אויף אים אום, נאָר אַ נאַטור האָט ער פון אַן „ער”. זיין באַרוף טראָגט ער אַרום אין זיין בלוט, און חרפה מיט קוועלענישן ליידט ער איבער דעם אַלע טאָג. נאָר אַמאָל, אַז גאָט העלפט, און צו זיין ברעג שווימט אויף עפּעס צו, דענסטמאָל גורט ער אָן זיינע לענדן, טוט מיט דער נאַטור, שרעקט זיך און באַלעקט זיך ביז גאָר. דערנאָך ווערט ער פאַרהוילן אין זיינע אייביקע בלאָנדזשענישן און וואָג־לענישן איבער וועלדער מיט די בלאָטעס. נאָר ער איז שוין ווידעראַמאָל אַ טאַטע.

— איר הערט, זאָגט ער, גאָספּאָדין סודיאַ, ווי איך בין אַ ייד, אַז אַ לאַכניצער יידענע וויל מיך נעמען. איך וועל קאָסען היי און כאַפּן פיש. זי האָט אַן אייגענעם סינאַקאָס, האָט זי, און זוכט אַזאַ מענטשן, ווי איך.

איך האָב זיך געוועזן פאַרטראַכט און אים צופיל געלאָזט ריידן.

— דאָס וויפלטע מאָל, — זאָג איך, — האָט איר איצט חתונה געהאַט?

— דאָס פערטע, — האָט די יידענע מיט די צוויי לינקע פיס פאַר אים געענטפערט.

— וואו זיינען אייערע ווייבער?

ענטפערט זי ווייטער:

— איינע איז דערטרונקען געוואָרן. ס'געווען דענסטמאָל, ניט דאָ געדאַכט, אַן אומגליק, וואו ס'זיינען דערטרונקען געוואָרן אַ סך מענטשן. די צווייטע איז געשטאָרבן, אויך אַ יתומה, די דריטע בין איך אָט־אָ.

— און די פערטע?

— די ערשטע, — האָט ער פאַריכט.

— נו?

ער האָט אַ מעקע געטאָן, אַזוי ווי מען וואָלט אים פּלוצעם פירגעהאַלטן וועגן אַן אַלטער גנבה, און איז אפילו אַ ביסל געוואָרן רויט.

לאָזט זיך אויס, אַז די ערשטע איז אַנטלאָפן געוואָרן אפשר אַ וואָך נאָך דער חתונה. דער פאָטער האָט אים ניט פאַרגינט. די ברידער האָבן אים ניט פאַרגינט. האָט ער זי דווקא דערנאָך אַנגעשמעקט אין אַן אָרט מיטן קינד, איז זי אָבער פון דאָרט ווייטער „אַנקלאָפּן" געוואָרן און ניט געוואָלט צו אים גיין.

— וואָס פאַר אַ קינד? אַ ייִנגעלע צי אַ מיידעלע?

— אַ מיידעלע.

— ווי אַזוי האָט זי געהייסן, שיינדל אוודאי?

— ניין.

— ווי אַזוי־זשע?

— ער געדענקט ניט אַקוראַט. מ'האָט איר אַ נאָמען געגעבן אָן אים. אין דאָרף, וואו ער האָט זי אָפּגעזוכט, האָט זי געהייסן ביילוניע.

— ביילוניע??? — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— יאָ, זי האָט שוין אוודאי געקערט ערגעץ חתונה האָבן אויך.

— און אייער פאַמיליע איז שערמאַן?

— יאָ, עבדיה לעמעלעוויטש שערמאַן.

— און ווי אַזוי האָט די פרוי געהייסן, געדענקט ער?

— פאַרוואָס זאָל איך ניט געדענקען, זי האָט געהייסן זעלדע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כמעט אינגאַנצן.

לאָזט זיך אויס, דער ייִד אינעם פּעלצל, דער־אַ ייִד מיט די אידיאָטישע גלעזערנע אויגן, דער־אַ משוגענער, וואָס טאַנצט אין דאָרף אין די גאַסן, בשעת חברה דאָרפישע בעטן עס אים טאָן, און דערנאָך שלאָגט מען אים, דער־אַ קהלשער צאַפּ, האָט פולע רעכט אויף מיר אָנגעבן אין געריכט. ער איז שוין אַלט, ביי אים איז ניטאָ קיין איין צאָן אין מויל, קען ער ביי מיר בעטן אַלימענטן, וואָרעם ס'איז אַ סברא, ס'איז אַ גרויסע סברא, אַז דער־אַ פּאַרשוין איז מיין שווער. איך זאָג, ס'איז אַ סברא, ווייל איך פאַרלאָז זיך אויף דער לאָמעדוואָוניטשקע און קלער טאָמער איז עס ניט אַלץ, טאָמער איז צו דעם־אָ סוד דאָ נאָך אַ סוד? טאָקע דער מנובל האָט זי געזוכט מיט אוריאַד־ניקעס און זי געטריבן פון איין באַהעלטעניש אין צווייטן, אָבער טאָמער איז עס ניט אינגאַנצן.

נאָכן געריכט האָב איך זיך געפילט זייער צעבראָכן. ס'איז מיר זייער שווער געוועזן אָנטאָן אויף מיין ווייב אַזאַ טאַטן, אויף מיינע, אויף אונדזערע קינדער — אַזאַ זיידן. עס איז מיר זייער שווער געוועזן.

אַז איך בין דענסטמאָל געקומען אַהיים, האָט מיך ביילוניע אויפגענומען אַזוי צאַרט, אַזוי איידל, ווי זי טוט עס כסדר (נאָר זי איז מיר אײביק ניי).

די קינדער האָבן מיך אויך באַפאַלן. דער עלטערער מײנער האָט מיר אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול, ווײל ער האָט מיך געטראָפן זיצן אויפן בעט. איך האָב זיך אַרײנגעוואָרפן אין מאַטראַץ אַרײן, ווײל ער האָט מיר אויסגעטאָן די שטיוול.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך האָב אַרײנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און (וואָס ס'האָט זיך ביי מיר געטויטשעט אין קאָפּ, ווייס איך ניט) איך האָב מיט פאַרמאַכטע אויגן אויסגעטאָן אין געדאַנק מיין ווייב, די מאַמע פון מיינע קינדער, און זי צענומען אויף איינציקע דינע בלעזעלעך, און יעדעס בלעזעלע איז געווען אַזוי זויבערלעך־ריין — האָב איך אויפגעעפנט די אויגן און זי דערזען אַ נייע, פרישע.

און אפילו, אַז יאָ, טאָ וואָס איז דאָ, ווער איז דען שולדיק? און וואָס אַרט עס מיך? האָב איך זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איר און אויף די קינדער. איך האָב ניט געקאָנט מיט זיי זיך זאַט אָנקושן. דעם עלטערן מיינעם האָב איך געהאַלטן ביי זיך אויפן קאָפּ, דעם ייִנגערן האָב איך געוואָרפן אין בעט אַרײן, ווי אַ האַלעשקע, און אים אַלע רגע אומגעוואַלגערט, ווען ער האָט זיך געפּרואווט אויפהייבן, און ביילוניע מיינע, די חברטע שיינקמאַן, מיין איידעלע און שיינע, האָב איך מיט טאָפּלטע כוחות צוגעדריקט און צוגעשמידט צו מיין האַרצן.

אָבער זי האָט זיך פון צייט צו צייט אויף מיר גערוגזט, פאַרוואָס דערצייל איך איר ניט, וואָס פאַר אַ שעה איז אויף מיר פּלוצעם אָנגעקומען. טאָקע מער ניט ווי איין שעה. שיינדעלע, האַרצעלע מיינס, קלער איך זיך אין האַרצן, ביילעניו, שאַין מיינע, איך ווייס ניט, איך ווייס אַליין ניט. איך האָב נאָר געהאַט פון דיין מאַמען אַ גוטן גרוס. דאָס יאָ. אויפן וועג האָב איך זיך באַגעגנט מיט איינעם אַ נע־ונעדניק, ער איז, ווייזט אויס, איינגעשטאַנען ביי דיין מאַמען סטאַנציע. לויט אַלע סימנים, וואָס ער דערציילט מיר, איז עס זי, און זי איז אַ גאַנץ אויסגעהאַלטענער מענטש.

# אויסגעוואַקסן

## (די געשיכטע פון אונדזער גערטל)

### 1. אַ פרישער ווינט

ס׳אַראַ מין געשמאַק ווינטעלע ס׳האָט זיך דאַן דערפילט אויפן גאַנצן אַרום און אויך ביי אונדז.

באַלד ווי מיר זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פונעם פריסטאַוו מיטן קאַנטשיק און פון פריץ מיט זיינע הינט, האָבן מיר פריי אָפּגעאָטעמט. די פויערים האָבן אָנגעהויבן טיילן די ערד צווישן זיך. אַ סך יידן פון דער אָרעמשאַפט זיינען איבערגעגאַנגען אויף ערד־אַרבעט, און מיר האָבן פאַר גרויס פרייד אויך פאַרנומען אַ שטיקל ערד פאַר דער שטוב.

אין אַ פרייען פרימאָרגן איז אַרויסגעגאַנגען דער טאַטע אין שטאַל. ער האָט אָפּגעקליבן צווישן דעם אַלטן האָלצוואַרג אַ דרייסיק־פערציק דרענג־לעך און האָט גענומען פאַרצוימען פאַר די פענצטער פון שטוב אַ מין הויפל אָדער גערטל, וואָסערע זעקס קלאָפטער די לענג און צוויי די ברייט.

מיר, חברה, זיינען אַרומגעלאָפן העלפן דעם טאַטן. ווער עס טראָגט אים אונטער דעם גראָבאייזן, ווער עס האַלט אים אונטער דעם סטויפטשיק אין גריבל און ווער עס דערלאַנגט דעם טאַטן אַן אַלטן, אויסגעגלייכטן צוויאָק אויף צו פאַרקלאַפּן דעם לאַנגן, שווערן דראַנג.

דער טאַטע טוט זיין אַרבעט שווייגנדיק. די מאַמע קוקט זיך אום אַלע־מאָל מיט מורא, אַז טאָמער האָבן מיר זיך נאָך צו פרי אַ לאָז געטאָן אָפּצוימען „אייגענע ערד״. און מיר, קליינוואַרג, קוקן זיך צו צו די עלטערן און סטאַרען זיך, מיר זאָלן ניט טומלען מערער, ווי סע פאַסט אין אַזאַ ערנסטער שעה.

ס׳איז צוגעגאַנגען דער שכן אונדזערער מיראָש — אַ הויכער פויער, זייער אַ פאַרמעגלעכער. ער האָט פינף זין, איז יעדערער די הייך אַזוי, ווי ער, און אפשר נאָך אַ קאַפּעטשקע העכער.

— דאָברי דען, פאַני לייבקאָ, — זאָגט ער צום טאַטן.

— דאָברע זדאָראָוויע, פאַני מיראָש, — ענטפערט אים דער טאַטע מיטן זעלבן און ער טוט זיך ווייטער זיין אַרבעט.

געשטאַנען, געשטאַנען אַ ביסל מיראָש. דערנאָך האָט ער פאַרויכערט די ליולקע, אויסגעשפּיגן מיט שיטערן שפייעכץ און איז אַוועקגעגאַנגען.

די מאַמע איז אַרויסגעלאָפן און האָט גיכער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט ער געוואָלט דער באַלעגוף?

— גאָרניט, — האָט דער טאַטע קורץ געענטפערט.

— ער האָט זיך דערשראָקן, ער מיינט, ס'וועט אים זיין קאַרג.

— ווער הערט אים?! — האָט דער טאַטע געענטפערט.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז צוגעגאַנגען צו אונדז כוועדער דיאַמ־טשיכעס, אויכעט אַ שכן אונדזערער. נאָר ס'איז שוין ניט מיראַש. ער האָט אַ זון מיט אַן איידעם, דינען זיי ביידע אין דער רויטער גוואַרדיע, און אַז מען קומט אויף אַ סכאָד, שעמט ער זיך ניט, כוועדער, און רעדט אַלץ, וואָס ער וויל. ער קוקט ניט, וואָס די רייכע בלאָזן זיך אויף אים.

— ד־אָ־ברי! — האָט ער זיך האָפערדיק אָנגערופן צום טאַטן און אַרויסגענומען פון מויל דעם נאָסן ציבעק.

— דאָברע זדראָוויע, סוסידע, — האָט אים דער טאַטע געענטפערט. דערביי האָט ער זיך אויסגעגלייכט אויף אַ ווײַלע, האָט אַוועקגעשטעלט דעם גראָבאייזן אַן אַ זייט און גענומען פאַרדרייען זיך אַ ציגאַר פון מאַכאָרקע.

— אַז דו צוימסט שוין, — האָט כוועדער אַ וויַיז געטאָן מיט דער האַנט אַרויף צום וויהאָן צו, — האָסטו דאָך געמעגט פאַרנעמען אַ ביסל ברייטער.

— איך דאַרף ניט קיין סך, — האָט דער טאַטע געענטפערט. — מיר איז גענוג, אַבי קיין חזירים זאָלן ניט שטופּן די מאָרדעס אין פענצטער אַריין.

— דער טאַטע האָט צוגערויכערט ביי כוועדערן דעם ציגאַר זיינעם, האָט אָנגעשפּיגן פריער אויף איין האַנט. דערנאָך אויף דער צווייטער, און זיך אַוועקגעשטעלט גראָבן. כוועדער איז געשטאַנען אַ ביסל און געפּיפּקעט די ליולקע. דערנאָך האָט ער אַראָפּוואָרפן זיין קוצאַק (אַ קורצע סוויטקע) און האָט אויכעט גענומען העלפן דעם טאַטן צוקלאַפּן די דרענגלעך .

— נישקשה, ס'איז ניט מיראַש, — האָט די מאַמע שפּעטער איבער־גערעדט.

— נו, האָט איר דער טאַטע געענטפערט, — מיראַשקע האָט דאָך אַזוי ליב די מלוכה, מעג אים אַזוי ליב זיין דאָס העמד אויפן לייב.

— ער זאָל קאָנען, — זאָגט די מאַמע, — וואָלט ער איטלעכן דערטרונקען אין אַ לעפל וואַסער.

מיר האָבן געקוקט אויף די עלטערן און זיך געוואונדערט, — אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז אַלע, אָן אויסנאַם, זיינען צופרידן מיט דער רעוואָלוציע.

## 2. אַ ייד צו אַ יידן איז ניט גלייך

דאָס שטיקל אָפּגעצוימטע ערד פאַר די פענצטער האָט אויסגעזען זייער מאָדנע. ס'האָבן געשטאַרצעט עטלעכע שיטערע גרעזעלעך. וואו־ניט־וואו האָבן זיך געוואָלגערט שטיינער, שטיקלעך גלאָז, קופּקעלעך אַש און מיסט.

— וואָס איז עס? — אַ גערטל? — ניט קיין גערטל... אַ הויפל? —

ניט קיין הויפּל. לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז טאַקע געווען אַ גערטל. דער טאַטע האָט צוגעסטרויעט אַהין אַ טירעלע, און אַלע פּאַרנאַכט, אַז ער קומט פון דער אַרבעט, קלייבט ער אויס און גראָבט אויס פון דאָרטן די שטיינער. אַנדערע שטיינדלעך זיינען דריבנינקע, ווי די קאַרטאָפּעלעך די גרייס, קלייבט זיי דער טאַטע אין אַ קערבעלע, און אַנדערע זיינען גרויסע און לאָזן זיך ניט אַרויסנעמען, פּונקט ווי מיראַשעס זין, וואָס לאָזן זיך ניט איינרעדן, אַז די רעוואָלוציע איז אַ גוטע זאַך.

— טאָ צע טאַבי, לייבקאָ, ווזשע זעמלי זאַכאַטילאָסיאַ? (האָט זיך דיר שוין גאָר פאַרוואָלט, לייבקע, ערד, אײַנמיטנדרינען?) — טוען זיי אַ זאָג מיט אַ שטאָך.

איינמאָל איז דורכגעגאַנגען חיים־יונה דער שניטקרעמער. זיין קאָזוניע־בערדל האָט ביי אים זייער מאָדנע אַרויסגעקוקט פון אונטערן שאַליק, מיט וועלכן עס זיינען ביי אים געווען אַרומגעבונדן די באַקן (די ציין האָבן אים, ווייזט אויס, ווי געטאָן, און אַ סך פון די שטאָט־לייט, אַז זיי גייען אין שפּיטאָל אַריין, קומט זיי אויס דורכגיין פאַרביי אונדזער שטוב).

— זע נאָר, לייבקע, — שטעלט זיך אָט דער חיים־יונה אומיסטן אָפּ פון יענער זייט פּלויט. — דו ביסט דאָך עפּעס אַ יידיש קינד, טאָ צו וואָס זאָל זיך דיר גלוסטן אַזעלכע זאַכן?

דער טאַטע האָט אויף אים אַ מאָדנעם קוק געטאָן. ווייזט אויס, אַז ער האָט אים פאַר עפּעס ניט ליב געהאַט, אָט דעם חיים־יונהן, און ער זאָגט צו אים:

— רב חיים־יונה... איך בין שוין ניט קיין קינד...

— הער נאָר, הער נאָר, — האָט זיך שוין יענער מיט פאַרדראָס אָנגערופן און זיך אַזש צוגעהאַלטן פאַר דער אונטערגעבונדענער באַק, — ווער זאָגט עס, חלילה, אַ קינד? אדרבא... אָבער אַ ייד ביסטו דאָך?!

דער טאַטע האָט ווייטער לאַנג, לאַנג אָנגעקוקט דעם רייכן יידן. מיט איין פוס איז ער געשטאַנען אויף דער ערד, און מיט דער צווייטער האָט ער אָנגעשפּאַרט דאָס הענטל פון דעם גראָבאײַזן.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, רב חיים־יונה? — האָט זיך דער טאַטע צו אים אָנגערופן, — אַ ייד צו אַ יידן איז ניט גלייך...

אָט דאָס־אַ דערהערט, איז יענער אַוועקגעלאָפן ווי אַן אָפּגעבריטער. פונדערווייטנס האָבן מיר געהערט, ווי ער בורעט און רעדט צו זיך אַליין די גאַנצע צייט:

— גלייך!... ניט גלייך!... האָסטו געהערט אַ ביסל? סע שטייט אים ניט אָן... איך האָב אים אָנגערירט דעם טאַטנס יחוס. נו, נו! קיינער האָט צו דיר ניט! ווילסט ניט, דאַרף מען ניט... דאַרף מען ניט... דער־לעבט יאָרן מיט באַלמעלאָשקעלעך. שוין די אמתע באַלמעלאָשקעלעך גע־וואָרן!...

אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אפשר האָט אים דער טאַטע ניט געדאַרפט אָפּענטפערן אַזוי גראָב. אָבער אַז מיר האָבן געזען, מיט וואָס פאַר אַ חשק דער טאַטע האָט זיך צוריק געכאַפּט צו דער אַרבעט און ווי אַזוי די גאַנצע צייט זינגט ער זיך מיט אַ שמייכל אין דער באָרד, זיינען מיר שוין אויך געווען צופרידן מיט דער מעשה. וואָרעם מן הסתם ווייסט ער שוין, דער טאַטע, וואָס ער האָט צו טאָן. מיר האָבן נאָר אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז מיר ווילן אים עפּעס בעטן אַ זאַך.

פאַר די שטוב־פענצטער וויל איך אַנזעצן קווייטן, — האָט זיך הינדע איינגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צום טאַטן די ערשטע.

— קווייטן? — האָט זי דער טאַטע איבערגעפרעגט, — גוט, קענסט אָנזעצן קווייטן.

— און פאַרן אַלקער־פענצטער וויל איך איינפלאַנצן אַ בוים, — האָט זיך שוין הערשל אויך אַרויסגעכאַפּט.

— אַ בוים?... גוט, קאָנסט איינפלאַנצן אַ בוים, — האָט דער טאַטע אים געענטפערט מיט דער זעלבער פאַרטראַכטקייט.

— בעסער צוויי, האָט זיך הערשל גלייך פאַרכאַפּט, — איינעם אַן עפּל־בוים און איינעם אַ באַרנבוים.

— פונמיינטוועגן קענסטו אפילו דריי...

— אויב דריי, וויל איך אין ביימל אַריינזעצן פון בעז, — האָט הינדע אויסגערופן מיט פרייד און זיך אַליין ניט געגלייבט, אַז דאָס איז עס.

## 3. מירן שוין וויסן...

הינדע און הערשל האָבן זיך געלערנט אין דער אַלטער שול, וואָס האָט זיך שוין איצטער גערעכנט פאַר אַ נייער.

דאָרטן איז נאָך אַלץ געווען פאַרוואַלטער זאַגרודאָוו, דער לערער מיטן פירעקעכיקן צוגעשאָרענעם בערדל, וואָס איז שוין געווען גרוי אַרום און אַרום. דער זעלבער זאַגרודאָוו מיט די באַנקעוואַטע אויגן, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ גרויען קאָליר. שוין אפשר פערציק יאָר, אַז ער וואוינט אָט דאָ אין שול גופא, און ס'איז שוין אפשר פערציק יאָר, אַז ער איז דאָ אין שול פאַרוואַלטער. נאָר איצט איז ער שוין אויך געוואָרן אַ נייער. ער האָט נאָך איידער עפּעס אַראָפּגעכאַפּט דעם קייסערס בילד פון וואַנט און עס פאַרשטעקט אויפן בוידעם ערגעץ. אַ ניי בילד פון דער רעוואָלוציע האָט ער צוגעזאָגט אויפהענגען דאָך, ווען ס'וועט זיך שוין איינשטעלן די נייע מאַכט.

— ווען מען וועט שוין וויסן, — זאָגט ער, — אַז דאָס איז עס.

און אויף אונדזער שטעטל פלעגן טאַקע אין יענער צייט אַלע מאָל אָנפאַלן באַנדעס מיט פּעטליוראָווצעס.

די באָלשעוויקעס אַט־אָ קומען זיי — ווערט אונדז פריילעך, און אַט־אָ גייען זיי אַוועק — ווערט צוריק אומעטיק.

האָט שוין אויך הינדע נאָכגעזאָגט זאַגרודאָווס ווערטער:

— מען זאָל שוין וויסן, — זאָגט זי, — אַז דאָס איז עס.

וואָס זי האָט געמיינט מיט די־אָ ווערטער, איז ניט יעדערן פאַרשטענדלעך. אָבער מיר, קינדער אין שטוב, האָבן גוט געוואוסט, וואָס זי מיינט.

ס׳זיינען געווען עטלעכע פּויערים־בעלי־גופים אין שטעטל — זייער ביי־טערע און זייער שלעכטע. איז אַלע זונטיק פלעגן זיי זיך אָנשיכורן און נעמען אומגיין איבער די הייזער צו די מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעצאַמט אַ שטיקל ערד. זיי קומען צו גיין און שרייען און קלאַפּן אין טיש, אַז ס׳איז ניטאָ מאַכן אַליין קיין „סאַמאָפּראַווסטוועס״, סע ניטאָ זיך צוימען אַליין ערד.

און שרייען האָבן געשריגן אַזעלכע בעלי־גופים, וואָס האָבן געהאַט ערד מערער פון איטלעכן, וואָס האָבן די ערד אי געירשנט, אי אָנגעגנבעט, אי אויסגענאַרט פאַר אַ קלייניקייט ביי זייערע אָרעמע שכנים.

און ווי די באָלשעוויקעס פלעגן אַרויסגיין פון שטאָט, אַזוי פלעגט אָט די קאָמפּאַניע אַלע זונטיק זיך אָנשיכורן און אָנטאָן איטלעכן צרות, דערפאַר וואָס מען האָט ניט געפרעגט ביי אַזעלכע „אָנגעזעענע שטאָט־באַלעבאַטים״, ווי זיי זיינען, צי מען מעג זיך צושטעלן אַ שטעלכל צום שטוב, צי ניין; צי מען מעג פאַראַקערן נאָך אַ בייט ערד אויף צו פאַרזייען קאַרטאָפל, צי ניין.

דאָס גערטל אונדזערס איז שוין געווען צעגראָבן. די אויסגעוואָרצלטע שטיינער זיינען אַלע געלעגן פון יענער זייט פּלויט ברוגזע און צעכעסטע, אַזוי ווי די צעכעסטע בעלי־גופים, וואָס פלעגן זיך אויפקלייבן אין אַ רעדל און שווייגן דענסטמאָל, ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען אין שטאָט.

זיי שטייען אַלע אינמיטן מאַרק־פּלאַץ, גרויע, ווי די דאָזיקע שטיינער, וואָס ביי אונדז פון יענער זייט פּלויטל, מען רויכערט, מען כעסט זיך און מען שווייגט.

און אַז דער טאַטע טוט אַ פרעג ביי אונדז:

— וואו זיינען אייערע ביימעלעך ? . . . אייערע קוויטן ? . . .

ענטפערט הינדע מיטן לערער זאַגרודאָווס ווערטער:

— ווען מיר זאָלן שוין וויסן, — זאָגט זי, — אַז דאָס איז עס . . .

הערשל איז ייִנגער פון איר. קוקט ער הינדען אין די אויגן און זאָגט איר אויך נאָך כמעט דאָס זעלבע:

„מירן שוין וויסן, — זאָגט ער, — און דאָס איז עס״.

וואָס זיי האָבן געמיינט מיט זייערע ווערטער איז זייער קלאָר:

הינדע האָט געמיינט, אַז פאַרזעצן קוויטן וועט זי דענסטמאָל, ווען זי וועט שוין וויסן, אַז „דאָס איז עס״. דאָס הייסט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן שוין קיינמאָל ניט פאַרלאָזן אונדזער שטאָט, און דאַן וועט זי ניט דאַרפן ציטערן.

און הערשל האָט איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער אירע, נאָר אַ ביסל אַנדערש:

„מירן שוין וויסן — זאָגט ער, — און דאָס איז עס!"

קענטיק, אַז הערשל איז געווען איינגעגלויבט מער פון איטלעכן, אַז ווען די באָלשעוויקעס וועלן זיך איינפּאַרען מיט אַלע שונאים, וועלן זיי שוין בלייבן ביי אונדז די גאַנצע צייט. די בעלי־גופים מיט די באַנדעס וועלן שוין מער קיין קאָפּ ניט הייבן. וואָרעם ער זאָגט עס טאַקע, ווי אַ געוויסע זאַך:

— מירן שוין וויסן, — זאָגט ער, און דאָס איז עס.

## 4. אַ כמאַרע מיט אַ טאַנץ

ביי אונדז איז געשטאַנען אַ פּיאַטעריק בראָנפן באַהאַלטן אין שאַפּע שוין אפשר דריי חדשים צייט, און אַלע מאָל, ווען מיר האָבן זיך אין אים אָנגעשטויסן, האָבן מיר ניט געוואוסט, צו וואָס דאָס איז, וואָרעם דער טאַטע אונדזערער איז ניט קיין שיכור, די מאַמע ניט קיין שיכורטע, און מיר, קינדער, האָבן אַוודאי ניט ליב געהאַט קיין בראָנפן — סע ביטער.

איינמאָל אין אַ ווינטער־טאָג. איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, אַז יענעם אינדערפרי האָט אונדז די מאַמע געגעבן געווייקטע סקאָרינקעס מיט זויער־מילך אויף אָנבייסן.

געווייקטע סקאָרינקעס פלעגן מיר עסן דאַן, ווען ס'פלעגט ביי אונדז אויסגיין ברויט און ביי די שכנים איז אויך ניט געווען קיין ברויט אויף צו לייען, און דעם פרישן ברויט וועט מען אַרויסנעמען פון אויוון ערשט שפּעטער, אַרום איינס אָדער צוויי אַזייגער בייטאָג. דאַן פלעגט זי אָוועקלייגן באַזונדער, וואו ערגעץ אַ סקאָרינקע. די צוגעברענטע פלעגט זי אַוועקלייגן באַזונדער, און די גוטע פלעגט זי אָנווייקן אין וואַסער און דערנאָך באַגיסן מיט זויער־מילך. האָבן מיר עס געגעסן אויף אָנבייסן. ס'איז דווקא געווען ניט אַזוי געשמאַק, נאָר דערפאַר, וואָס עס איז אַנדערש ווי אַלעמאָל, און דערפאַר, וואָס עס איז ווינציק, פלעגן מיר אויפעסן די „וואָרעניקלעך" און בעטן נאָך.

איז עס געווען ווינטער און ס'געווען זונטיק, ווייל ברויט פלעגן מיר מערסטנטייל באַקן זונטיק אויף אַ גאַנצער וואָך... געדענק איך, ווי איך גיי אין מיין ברודערס פּאַלטע מיט די לאַנגע אַרבל און אינעם טאַטנס שטיוול, וואָס שניידן מיר אין בויך און אין די קנעכל. שלעפּ איך זיך איבערן טיפן שניי פון מלכה רינטשיקס הויף, — איך האָב געזען, ווי זיי קלייבן זיך עסן וואָרמעס, האָט זיך מיר אינמיטנדרינען אויך פאַרגלוסט עסן, און כאָטש ס'מיר געווען אומעטיק אַוועקצוגיין, האָב איך דאָך פאַרמאַכט מיטן לאַנגן אַרבל ביידע טירן דער שכנהס — די קיך־טיר מיט דער הויז־טיר — און איך שלעפּ זיך אַהיים.

אויפן וועג באַגעגן איך פינף פויערים. הויכע, גרויסע, בייזע. ביי איינעם

איז די באָרד אַ געלע, די אויגן געלע. די באָרד אַ שטעכיקע, די אויגן — שטעכיקע. דאָס מויל — אַ נעסט פון בייזע צעכעסטע זידלערייען, וואָס פליען פון דאָרט אינמיטן דער דרויסנדיקער קעלט. האָב איך שוין פאַר זיי זייער מורא. אָבער איך שלעפּ פון שניי די אַראָפּפאַלנדיקע שטיוול און רוק זיך פונדעסטוועגן נעענטער צו דער היים. די בעלי־גופים רעדן הויך, און איך האָב מורא: אָט־אָ גייען זיי טאַקע, די בעלי־גופים, צו אונדז אין שטוב אַריין. זיי לאָזן אָפּן — אינמיטן ווינטער — אַלע טירן. שיקט די מאַמע אַ קינד אונדזערס אויף פאַרמאַכן גיכער די טיר. גיי איך שוין מיט אים אינ־איינעם אַריין.

דער עלטסטער מיט דער געלער באָרד און מיט די געלע אויגן פרעגט:

— דער כאָזיאַין (וואו איז דער באַלעבאָס)? — כאָטש ער זעט דווקא זייער גוט, אַז דער טאַטע וואַשט לעבן מולטער די הענט; ער איז ערשט געקומען פון דער אַרבעט וואַרמעס עסן.

— כטאָ דאָוו יעוורייאַם פּראַוואָ אָפּטשעסקו זעמליו זאַניאַטי? (ווער האָט עס געגעבן די יידן רעכט, זיי זאָלן פאַרנעמען די ערד, וואָס געהערט צו דער געמיינדע?).

דער טאַטע האָט געשוויגן. די מאַמע און די קינדער זיינען געוועזן בלייך ווי די וואַנט.

פון אָט די פינף הויכע און ברייטע, ווינטערדיק־אָנגעפּעלצטע בעלי־גופים איז גאָר מיטאַמאָל געוואָרן פינצטער אין שטוב. עס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער שטוב אונדזערער אַ גאַנצע כמאַרע.

— די ערד איז געוועזן פּריצישע, — ענטפערט דער טאַטע איינגעהאַלטן.

— ניט פאַר די יאַווריייעס אָנגעגרייט געוואָרן, — מאַכט סטאַדהאָט מיט דער שטעכיקער באָרד, און זיין מויל איז אַ בייזע נעסט פון זידלערייען: ווי ער צעעפנט עס נאָר, אַזוי נעמען פון דאָרט פליען זידלערייען, ווי די מיאוסע פייגל, איינס נאָך איינס מיט אַ קראַקעריי, און זיי מאַכן שטיקנדיק די לופט.

— יאַווריייעס, — מאַכט ווייטער סטאַהדאָטקע, — פאַר זיי איז אַן אָרט אין פּאַלעסטינע. דאָ גיט איך קיינער קיין ערד ניט!

דער טאַטע איז געוואָרן אין כעס און געוואָלט עפּעס ענטפערן. אָבער די מאַמע האָט אים אָנגענומען פאַרן אַרבל און געזאָגט האַלב אויף יידיש און האַלב אויף אוקראַיניש, כדי זיי, די בעלי־גופים, זאָלן פאַרשטיין:

— טראָג אַריין, — זאָגט זי, — טשאַלאָוויטשע, אַ אוהאָשטשעניע פאַר די שאַנאָוונע כאָזיינעס וועגן.

די בעלי־גופים זיינען גלייך געוואָרן ווייך — כאָטש לייג זיי צו צו אַ מכה, חוץ איין סטאַהדאָט. — דער, אפילו ווען ער לאַכט, שטשירעט ער אויס די ציין, ווי אַ וואָלף. און איצט לאַכט ער דאָך נאָך ניט, איצט זאָגט ער,

אַז אַ ייד האָט קיין רעכט ניט צוצובויען עפּעס צו דער שטוב. אפילו קיין צוויאַק אין וואַנט טאָר ער ניט פאַרקלאַפּן פון דרויסן.

— און טאָמער איז ענג, — רופט זיך שוין איינער אָפּ מיט אַ שמייכל, ווייל ס׳האָט אים אַ שמעק געטאָן פון דער מאַמעס ווערטער מיט אַ גוטן טרונק בראָנפן.

— אויב ס׳איז זיי ענג, וועלן זיי זיך אַ ביסל צוענגען, יידן האָבן רעכט בויען נאָר אויפן קוימען.

און סע זידט פון אים, פון סטאַהדאָטן, און ער קלאַפּט אַלע מאָל מיט די קולאַקעס אין טיש, ציטערט דאָס גלעזל אויפן הענגלאָמפּ, ציטערן די שויבן אין די פענצטער, און ביי אונדז, קינדער, קלאַפּן די ציין אין מויל.

דער טאַטע האָט ניט געוואָלט טראָגן די „אוהאָשטשעניע" פונזייערטוועגן. איז די מאַמע אַליין אַוועק צו דער שאַפע און האָט אַרויסגענומען דעם פּיאַטעריק בראָנפן.

אַ פּאָר בעלי־גופים האָבן זיך גענומען ווישן די וואָנצעס און זיך אויסזעצן אַרום טיש.

סטאַהדאָט האָט נאָך ניט געענדיקט זיינע אַרויסזאָגעכצן וועגן יידן, פאַרוואָס מען דאַרף זיי יאָ געבן רעכט און פאַרוואָס ניט, אָבער ער איז שוין אויך געוואָרן מילדערביים אויסזען פונעם ביטערן און לויטערן געטראַנק, וואָס בויטעט זיך אין די ליכטיקע גלעזערנע ווענטלעך.

און זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט טרינקען און פאַרבייסן מיט געזייערטע אוגערקעס, מיט אָנגעשניטענע ציבעלעס און מיט פרישן ברויט, וואָס די מאַמע האָט נאָרוואָס אָפּגעבאַקן.

זיי טרינקען אויס דעם בראָנפן, טוען אַ קרעכץ מיט פאַרמאַכטע טרערנדיקע אויגן, און מעפּאָדי דער לאַנגער זאָגט:

„בישקשה! לייבקע איז אַ גוטער „זשידאָק", זאָל ער אַוועקשטעלן ביים שטוב אַ פּלויטל".

דעם טאַטן פאַרדריסן אָבער אַזעלכע גוטע רייד, און ער ענטפערט, אַז אַזוי ווי ס׳זיינען דאָ קריסטן אַלערליי, אַזוי זיינען דאָ יידן אַלערליי; דעם רייכן, — זאָגט ער, — דאַרף מען אַוועקשטעלן צום רייכן און דעם אָרעמען צום אָרעמען — ערשט דענסטמאָל וועט מען וויסן פון אַ חשבון.

אין שטוב האָט זיך איינגעשטילט אויף אַ ווילע. די בעלי־גופים זיינען געוואָרן פריילעכער, זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן פון וועלט־זאַכן. הינדע זאָגט שטילינקערהייט און מיט האַרץ:

— אָט דעם דאָזיקן, — זאָגט זי, וואָלט איך דערשטאָכן, — און זי וויזט אויף סטאַהדאָטן. אָבער סטאַדהאָט שטייט אויף מיט זיינע גרויסע פּיס און גראָבע שטיוול. ער הייבט אָן זינגען מיט די צוגעמאַכטע אויגן אַ ליד זייער הויך, העלפן אים די באַלעגופים אונטער.

פון דער שכנהשער שטוב קומט מען אַריין קוקן... אין אַלקער אויף דער וואַנט איז געהאַנגען דער שכנהס אַ גיטאַרע, האָט מעפּאָדי זי אַראָפּגענומען מיט זיינע האַרטע הענט, וואָס ווילן זיך ניט בייגן, און ער האָט גענומען טרומקען אויף איר. — ביי סטאַהדאָטן איז פון דעם ווילדן, שטעכיק־באַוואַק־סענעם פּנים געגאַנגען אַ זידל־געזאַנג. ער האָט געהויבן די געזונטע און גראָבע שטיוול האָפּ־האָפּ איבערן דיל, און מיר האָבן שוין אַזוי געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין, אַז אפילו דאָס פּלויטעלע לעבן שטוב איז אונדז ניט געווען ליב.

מעפּאָדי דער לאַנגער איז געקראָכן צום טאַטן זיך קושן.

— לייבקאָ, — זאָגט ער, — סטרויע, זאָג איך דיר! שטעל אַ פּלויט, אַ רוח זאָל דעם טייוול אין די קישקעס אַריין. ביז אַנ־אַ העט־אַרויף צו יענע סטאַיניעס!...

סטאַהדאָט העפּעט מיט זיינע געזונטע שטיוואַליעס, די הענט אונטער דער סוויטע אונטערגעלייגט אויף הינטן, און ער זאָגט שוין אויך:

— פּאָזוואָליאַיו (איך דערלויב), לייבקאָ!

איז דאָס וואָרט „פּאָזוואָליאַיו" עפּעס אַזוי ברייט, אַז אונדזער שטוב מיט דער נידעריקער סטעליע איז צו קליין. האָט די מאַמע אָפּגעעפנט די טיר אויף אין דרויסן אַרויס. די שיכורים, ווי זיי האָבן דערזען אַן אָפענע טיר, — האָבן זיי זיך גענומען אַהין שטופּן. סטאַהדאָט האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש. ער האָט אויסגעזייט דאָס לעצטע ביסל בראָנפן פונעם גרויסן גלעזער־נעם בוטל און געגעבן אַ קלאַפּ מיטן פויסט איבערן טיש:

— ניע פּאָזוואָליאַיו (איך וועל ניט דערלויבן)!... יאַווריאַם ניע פּאָז־וואָליאַיו (די יידן וועל איך ניט דערלויבן)!... — די געזונטע פּיסיילעס אין די שטיוואָליעס בייגן זיך, אַזוי ווי זיי האַלטן קוים אויף אויף זיך דעם שיכורן סטאַהדאָטן, און ער אַליין ווייסט דאָך שוין ניט, אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט ער איז. האָט אַ חבר זיינער אים גענומען אונטער דער האַנט, און זיי זיינען די לעצטע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

מיר האָבן צגעקליבן פון טיש די נעץ מיט דער אומריינקייט. מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט עסן וואַרמעס ביי אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ. די קינדער האָבן פון דער לייכט אַ כיכיקע געטאָן, ווי אַזוי מעפּאָדי דער לאַנגער האָט געשפּילט אויף דער גיטאַרע (נאָך גוט, וואָס ניט צעבראָכן) און סטאַהדאָט מיט די איידעלע פּיסעלעך האָט געטאַנצט...

דער טאַטע אָבער איז געווען אומעטיק און האָט אויסגעזען ווי פֿאַר־מאַטערט. צו דער אַרבעט איז ער שוין ניט געגאַנגען, און די מאַמע האָט אים געטרייסט:

— סע רשעים, — זאָגט זי, — מוז מען זיי איבערשווייגן. דאגה ניט, ס'וועט אויף זיי קומען זייער צייט.

## 5. פונעם שיינעם יאָדער אַרויס

מיר קענען אַ ליד, וואָס די מאַמע זינגט אונדז:

„פונעם שיינעם יאָדער אַרויס
איז אַ שייניק בלעטל אַרויס.
דאָס בלעטל פונעם יאָדער,
דער יאָדער פון דער ערד,
אַזוי איז באַשאַפן הימל און ערד“.

דערנאָך גייט, אַז פונעם שיינעם בלעטל אַרויס איז אַ שייניק צווייגל אַרויס... פונעם שיינעם צווייגל אַרויס איז אַ שייניקביימל אַרויס...

פונעם שיינעם ביימל אַרויס איז אַ שיינער עפּל אַרויס... דער עפּל פונעם בוים, דאָס ביימל פונעם צווייג, דאָס צווייגל פון דער בלאַט, די בלאַט פונעם יאָדער, דער יאָדער פון דער ערד... אַזוי איז באַשאַפן הימל און ערד.

איז טאַקע איינמאָל, ווען שלמה, אונדזער האַרעניער פריינט פון דעם דאָרף האַרעניע, האָט אונדז געבראַכט אַ פּאַטשיילע מיט עפּל פּאַר אַ מתנה, האָט דער טאַטע אויסגעקליבן דעם צייטיקסטן עפּל, וואו די יאָדערן האָבן זיך אינעווייניק געבאַמבלט, ווי די טרוקענע ניסעלעך, האָט צעשניטן דעם עפּל אויף זיבן חלקים, יעדערן אין שטוב זאָל זיך אָננעמען אַ ריפּטעלע פונעם בעסטן עפּל, און די יאָדערן האָט ער צונויפגעקליבן, כדי זיי פאַרזעצן אין אַ טעפּעלע מיט ערד.

— אויב דער עפּל איז געווען אַזאַ גוטער, — זאָגט ער, — וועט פון די יאָדערן אויסוואַקסן אַ גוטער בוים.

אָבער הערשל מיט ברושקען האָבן אים געזאָגט, אַז דערויף וועט אויס־קומען צו לאַנג וואַרטן. מען קען פּשוט קריגן ביי אַ שכן אַ ביימעלע, אפילו אַ פּראַסטינקס, און עס איבערזעצן אַהער. דערנאָך, אַז דאָס ביימעלע וועט זיך אָננעמען און ס'וועט אַ ביסעלע אונטערוואַקסן, דאַרף מען אָפּשניידן דאָס ביימל כמעט הארט ביי דער ערד און אינעם געבליבענעם שטיקל שטאָם איינשטשעפּען אַ צווייגל פון גאָר אַ גוטן בוים, און ס'וועט זיין אי גיכער, אי בעסער.

דער טאַטע אונדזערער האָט פון קינדוויז אָן געהאָרעוועט און קיין ביכער האָט ער ניט געלייענט, מען האָט אים ניט געלערנט, אָבער אויב די קינדער פלעגן אים עפּעס דערציילן פון די ביכער אַ גלייכע זאַך, פלעגט עס ביי אים זיין זייער אָנגענעם.

אָט דער־אָ געדאַנק מיט שטשעפּען ביימעלעך איז אים אויך געפעלן געוואָרן, האָט ער אויסגעזוכט ווייט אין פעלד אַ פּאָר פּראָסטע עפּל־ביימעלעך און איינמאָל גאַנץ פרי איז ער אַהין אַוועק. ער האָט זיי פאַרזיכטיק אויס־געגראָבן און געבראַכט אַהיים.

הערשלען האָט באַנג געטאָן, וואָס דער טאַטע האָט אים ניט אויפגעוועקט און ניט גערופן מיט זיך. דערפאַר ביים איינפלאַנצן דיביימלעך האָט ער שוין געהאָלפן אַלצדינג דעם טאַטן.

הערשל האָט געוואָלט, מען זאָל פאַרזעצן דאָס ביימעלע וואָס נעענטער צום פענצטער אָדער צו דער וואַנט.

ער האָט דערביי געהאַט אַ מיין:

אַז ס׳וועלן אויסוואַקסן גוטע עפּל, זאָל ניט קומען פלטיאל דער מומעס, אָדער ניקיפאָר אוליטעס, אָדער גלאַט ייִנגלעך, און זיי זאָלן ניט אַראָפּטרייסלען. אָבער דער טאַטע האָט געלאַכט פון אים.

— דו מיינסט, — זאָגט ער, — אַז דו וועסט אייביק זיין אַ קליין ייִנגל, און דאָס ביימל וועט אייביק דאַרפן ווינציק פּלאַץ... נאַר איינער, — זאָגט צו אים דער טאַטע, — אַז ס׳וועט דורכגיין אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און דאָס ביימעלע וועט זיך צעוואַקסן, טאָ וואוהין וועלן זיך אַהינטאָן די צווייגן?

און דער טאַטע מיט הערשלען האָבן אַנידערגעשטעלט די ביימעלעך דווקא לעבן סאַמע פּלויטל און דווקא ווייט איינס פונעם צווייטן.

— איבעראַיאָר פרילינג, — האָט דער טאַטע צוגעגעבן, — אַז מירן איבערשיטן דאָס פּלויטל וועלן מיר זען, אַז דעם ביימעלע זאָל ווערן אַ ביסל גראַמער.

הערשל אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אָנגעבויגן און אַריינגעשאַרט מיט די הענט די דינע צעריבענע ערד צוריק אין גריבעלע אויף די וואָרצלען, אַזוי האָט ער אויסגעדרייט דעם האַלדז מיטן פּנים אַרויף צום טאַטן. ער האָט אַ קוק געטאָן דעם טאַטן גלייך אין די אויגן מיט אַ גוט געלעכטערל, ווי איינער מיינט:

— ע, ס׳אַ קלוגער דו ביסט! דאָס ווילסטו אָפּרוקן דאָס פּלויטל אויף אַ פּאָר אַרשין ווייטער?...

אָבער דער טאַטע האָט אים געענטפערט אויך מיטן זעלביקן פריילעכן בליק, אַז „דיינע ניט".

און גוט איז דעם טאַטן געווען אויפן האַרצן סיי־ווי, וואָרעם ערשט נעכטן איז ער געקומען שפּעט פון אַ פאַרזאַמלונג, מען האָט געקליבן אַ „סאָיוז" (אַרבעטער־פאַראיין) און דעם טאַטן האָט מען אויך אויסגעקליבן.

— לייבן, — האָבן די אַרבעטער געשריגן, — לייבן דאַרף מען קלייבן, ער פאַרשטייט גוט דאָס לעבן.

## 6. דאָס גערטל

הינדע. די קוויטן אירע האָט זי איינגעזייט צווישן טאָג און נאַכט. מיר האָבן ניט געזען כמעט, ווען זי האָט עס אָפּגעטאָן. פאַר ביידע פענצטער — פון שטוב און פון אַלקער.

דערצו איז זי נאָך געגאַנגען צו זאַגרודאָווון, דעם לערער פון שול, און ער האָט איר דערלויבט אויסגראָבן אַ יונג ביימעלע בעז. ער האָט נאָך איר אַליין געהאָלפן. אַ ביימעלע אַגרעסן האָב איך אויסגעבעטן ביי ניקיפאָר אוליטעס.

מיר זיינען געווען זייער פריילעך פון דעם אַלעמען, אָבער די מאַמע האָט אונדז אַ ביסעלע קאַליע געמאַכט. צוויי מאָל האָט אונדז די מאַמע עפּעס קאַליע געמאַכט אינעם גערטל, נאָר זי האָט אָנערקענט איר פעלער. זי האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט מער אַזוי ניט טאָן, האָבן מיר זי צוריק ליב געהאַט.

די קווייטן פאַרן פענצטער האָבן זיך אַזוי שיין צעוואַקסן: געלינקע בלעטעלעך מיט שוואַרצע חן־פינטעלעך און בלויאינקע בלעטעלעך אויף הויכע פעסטע שטענגעלעך. אַזעלכע שיינע קווייטן. זיי האָבן אַזוי שיין גע־שמעקט און געשמייכלט צו אונדז, צו די נייע באַקאַנטע צו זייערע, שיעור וואָס זיי ריידן ניט אויס:

— אָטעמט, קינדערלעך, די פרייע געשמאַקע ריחות. לערנט זיך וואַקסן, און אָטעמט מיט דער פולער ברוסט, וואָרעם ווער איז צו אייך גלייך? ...

און ווירקלעך, ווער איז צו אונדז געווען גלייך אין די יאָרן? יודעניטש איז צעשלאָגן, קאָלטשאַק דערהרגעט. ניטאָ קיין פּעטליורע, ניטאָ קיין דעניקין. סטאַהדאָט מיט מיראָשן, חיים־יונה מיט מאיר־אָשרן זיינען אויס! זיי האָבן שוין ניט קיין דעה אויף אונדזער גערטל. חיים־יונה דער גביר און סטאַה־דאָט דער באַלעגוף האָבן שוין בכלל קיין דעה ניט אויף גאָרניט. אַ דעה האָבן די רויטאַרמייער, אַ דעה האָט דער „רעווקאָם", דער „סאָיוז", דער „קאָמ־געזאָם". אוי, איז אונדז געווען גוט! די קווייטעלעך האָבן אונדז פאַרגונען אונדזער גוטסקייט, און מיר פלעגן זיך שפּילן אין גערטל שעהנווייז, אי שפּילן, אי אַרבעטן אַרום דעם. מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעזייט אַ בייטעלע מיט קאַרטאָפל, אַ ווינקעלע מיט סטרוטשע, אַ פּאָר קירבעסן, אַ בינטל זונענרויזן.

אָבער די מאַמע אונדזערע (איצט האָט זי שוין אַוועקגעוואָרפן אָט די שלעכטע געוואוינהייט אירע) פלעגט אָפּט נעמען אַ טאָפּ מיט אומריינע וואַסער, וואָס דער בהמה אין צעבער אַריין טאָר מען זי ניט גיסן, און אַרויסטראָגן ערגעץ ווייט הינטער דער שטאָל האָט זי קיין צייט ניט, פלעגט זי עפענען דאָס פענצטער און אַ פליוכע טאָן אינדרויסן אַרויס!...

דאַרף מען וויסן, אַז אויב אפילו דער דרויסן איז אַ פּראָסטער, אַ גע־וויינלעכער, איז דאָס אויך ניט קיין שיינע זאַך; גיסן אומריינקייט פאַר די פענצטער. היינט בפרט, אַז פאַר אונדזערע פענצטער איז שוין ביי אונדז ניט קיין פּראָסטער דרויסן, נאָר אַ שיין גערטעלע, מיט אַזעלכע שיינע, הימלעכע, פריינטלעכע בלומען, מיט אַזעלכע וואוילע פאַרזייטע בייטעלעך און מיט אַזעלכע שיינינקע יונגע ביימעלעך. איז ווי האָט מען עס אַ האַרץ צו פליוכען אַהינצו שעפעלעך מיט וואַסער?...

האָבן מיר איינמאָל געזאָגט וועגן דעם דער מאַמען, און אַ צווייט מאָל... דערנאָך, אַז מיר האָבן ווייטער דערזען, ווי אַזוי די בלומען שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ברוגזע, באַליידיקטע און עפּעס אַזוי ווי זיי קערן זיך אָפּ פון אונדז, האָבן מיר שוין ווייטער פאַרשטאַנען, אַז ס'ניט אומזיסט, און מיר האָבן פונסניי פירגעהאַלטן דער מאַמען. הינדע האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און זיך אפילו צעוויינט, וואָרעם דאָס איז שוין טאַקע ניט קיין שפּילעכל...

ערשט דענסטמאָל האָט די מאַמע צוגעזאָגט, אַז זי נעמט אויף זיך, און זי וועט זיך אָפּגעוואוינען פון דער מיאוסער מידה.

דאָס הייסט שוין, אַז זי אַליין האָט אָנערקענט, אַז ס'איז אַ מיאוסע מידה און מער דאַרף זיך אָפּגעוואוינען! דערפאַר האָבן מיר מיטן טאַטן גענומען אויף זיך אַן אויפגאַבע און מיר האָבן באַוואָרנט הינטער דער שטאָל אַ קעסטל אויף מיסט אויסשיטן און אַ גריבעלע אויף אויסגיסן די אומריינע וואַסער. אויב ריין, טאָ זאָל טאַקע זיין ריין אַרום און אַרום.

און אונדזער גערטל האָט זיך פאַריכט. ביי אונדז האָט אַלץ געבליט, און ס'איז געוואַקסן יונגע קאַרטאָפּליעס, און די מאַמע האָט קייעכעס (פּשעביטשקעס) אָפּגעקאָכט פון די, וואָס מיר האָבן אַליין געזייט. זונענרויזן פלעגן מיר אָפּשניידן, געלע, צייטיקע קעפּ, און שיילן צוזאַמען מיט די חברים אונדזערע די שוואַרצע, זיסע יאָדערן. שפּעטער־צו, אין האַרבסט, האָבן מיר אָנגעטריקנט ווייסע יאָדערן פון די אַרבוזעס (אַנדערע זאָגן דערויף קאַבאַק).

און סע געוועזן פריילעך, אַ מחיה.

## 7. מיר שטשעפּעןביימער

אַז ס'זיינען געוואָרן די ערשטע פּיאָנערן, האָבן הינדע מיט הערשלען דאָרטן געהאַט אַ סך אַרבעט.

הינדע מיט הערשלען האָבן זיך ביידע געלערנט גוט. ער — אין דער דריטער, און זי — אין דער פערטער.

איינמאָל איז הערשל געקומען צו לויפן פון שול מיט אַ פרייד: איצט ווייסט ער שוין אַקוראַט, זאָגט ער, ווי אַזוי מען דאַרף שטשעפּען ביימער. ביי זיי אין גרופּע גייען זיי עס אַקוראַט דורך. זיי זייען דאָרטן אַ גאָרטן, זיי פלאַנצן אַ סאָד, און די עלטערע גרופּעס גייען אַלע זומער אין געוויסע טעג אַרבעטן אויפן שטיק פעלד, וואָס מען האָט אויסגעטיילט פאַר דער שול וועגן.

נאָך צווייגלעך איז הערשל אומיסטן געגאַנגען אַנדערהאַלבן קילאָמעטער צום „הויפל" — אַזוי האָט ביי אונדז געהייסן דער גוט, וואו ס'האָט ניט לאַנג צוריק געהערשט דער פריץ באַראַניקאָוו, און היינט איז דאָרט אַ ראַטווירט. אין סאָד זיינען געוועזן די בעסטע עפּל, די בעסטע באַרן, און פערשקעס, און ווינשל אַלערליי, סיי ווייסע, סיי רויטע (ווייסע ווינשל האָב איך דווקא ניט אַזוי ליב, רויטע זיינען מיר בעסער געפעלן), און הערשל

האָט געבראַכט צוויי שטשעפּעס, וואָס דער פּאַרוואַלטער פונעם ראַטווירט האָט דערלויבט, מען זאָל אים אַרויסגעבן.

ביינאַכט האָבן דער טאַטע און הערשל געאַרבעט ביי די ביימעלעך, און מיר האָבן געקוקט און ס'האָט אונדז ווי געטאָן פאַר דער שווערער אָפּע־ראַציע, וואָס מען מאַכט די צוויי ביימעלעך. אוי, אַ שווערע, אוי, אַן ערנסטע. אָבער אַלץ איז פאַרטיק. די ביימעלעך האָט מען אָפּגעשניטן אויף עטלעכע סאַנטימעטער פון דער ערד. דעם שטאַם האָט מען דורכגעשפּאָלטן, אַריינ־געשטעלט אַהין די מיוחסדיקע צווייגעלעך, פאַרשמאָלצן מיט וואַקס און מיט פּעטער ליים אַרום און אַרום די וואונדן. די גראָבע וועקסענע ליכט האָב איך אייליק געבראַכט צו טראָגן פון שטוב, פון קיך־שאַפּקעלע. דערנאָך האָט מען פאַרבונדן מיט ווייסע שמאַטקעלעך די שלאַפע ערטער אַזוי געטריי, מיט אַזאַ מיטגעפיל, און מיר זיינען אַלע אַוועק פון גאָרטן שוויגנדיקע, נאָר צופרידענע פונעם געפיל, אַז ס'וועט זיך פאַרהיילן, די וואונדן וועלן גיך פאַרוואַקסן ווערן. איצט וועלן עס שוין זיין ניט קיין ווילדע פעלד־ביימעלעך, נאָר אמתע גוטע צוויי עפּלביימער.

אַ שאָד, וואָס מען האָט ניט אָנגעזעצט נאָך קיין ווײַנשל אויך...

## 8. ווידער איבער איר

זאַגרודאָוו איז נאָך איצטער אויך געווען אַ לערער אין שול, אָבער קיין פאַרוואַלטער איז ער שוין ניט געווען. און בילדער זיינען געהאַנגען אין שול פון לענינען, פון מאַרקסן און פון ענגעלסן.

און ביי אונדז אין גערטל וואַקסט שוין אַ נייע זאַך — טריסקאַווקעס.

דער טאַטע האָט אָנגעזעצט אַ פּערטל בייטל מיט טריסקאַווקעס, און ער האָט געזאָגט, אַז אויף ווייטער צעזייען זיי זיך אַליין. וועט איבעראַיאָר ווערן מער, און איבער צוויי יאָר — נאָך מער.

— און איבער פיר יאָר ? — זאָגט הינדע.

— און איבער צען יאָר ? — זאָגט הערשל.

און מיר זיינען אַלע פריילעך.

איינמאָל האָבן מיר דערזען אין גראָז אַ קליין פיצעלע ביימעלע, וואָס מען קען אפילו ניט דערקענען גוט, צי ס'איז אַ ביימעלע, צי ס'איז אַ קרייטעכץ. אָבער מיר האָבן שוין עס דערקענט, און אונדזער כוועדער דיאָמטשיבעס, וואָס ווייסט זייער גוט אויף ביימער, איז אומיסטן אַריין אַ קוק טאָן. מיר האָבן אים געבעטן, און ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ס'איז אַ ווײַנשל־ביימעלע. ווי אַזוי האָט זיך עס געקענט פאַרזייען איינס אַליין ? אָט דאָס איז שוין גאָר אַ חידוש. קיינער האָט ניט געזייט, און נאָדיר גאָר אַ ווײַנשל־ביימעלע אינמיטנדרינען. עס איז פון רויטע ווײַנשל, צי פון ווייסע ? און אפשר זיינען עס גאָר קאַרשן ? קאַרשן האָבן מיר אויך ליב.

אָבער ס'האָט זיך געטראָפן אַ מעשה, וואָס דאָ איז שוין ווידער די מאַמע שולדיק.

אין האַרבסט, אַז מען האָט אַלץ אַרויסגענומען פון גערטל, און גראָז וואַקסט דאָך אויף די מעזשעס גוט, האָט די מאַמע געוואָלט אַז די בהמה זאָל דאָרט אַרומגיין אַ פּאָר שעה און אַ הריזע טאָן די מעזשעס.

— אוי, איך זע שוין! דיר ווילט זיך זייער, זי זאָל פּטרן די טריס־קאַווקעס! — איז הינדע געוואָרן אין כעס פאַר אַזאַ מין אויפטו.

אָבער די מאַמע האָט זי פאַרזיכערט, אַז צו די טרוסקאַווקעס וועט די בהמה אפילו ניט אַ שמעק טאָן.

גיי טו עפּעס מיט איר, מיט דער מאַמען, אַז זי שפּאַרט זיך איין. בסך־הכל איז גאָר דאָס טירל צו אַ שמאָלס. ווען די בהמה רוקט זיך דורך אין גערטל אַריין, רייבן זיך אירעביידע זייטן ביי דיביישטידלעך, ביז זי הייבט אונטער אירע הינטערשטע פיס אויף אַריבערטרעטן דאָס הויכע שוועלכל...

ס'דאָך געמאַכט געוואָרן פאַר מענטשנס וועגן און ניט פאַר קיין בהמהס וועגן, מעגן זיי זיין אפילו אַזעלכע גוטע, אַזוי ווי אונדזער רויטע בהמה איז.

און די מאַמע האָט טאַקע געזאָגט אַן אמת. די בהמה איז דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם בייטל טריסקאַווקעס און האָט אפילו קיין שמעק ניט געטאָן. דערפאַר האָט זי זיך צוגעכאַפּט צום זאַפטיקן גראָז אויף די מעזשעס און האָט געגעסן מיט אַזאַ חשק, אַז מיר זיינען גאָר אַליין געווען צופרידן פון אַזאַ מין טייער גערטל. אָבער איין זאַך האָבן מיר זיך ניט אַרומגעקוקט. די בהמה אוי, אוי, אוי...

אַ בהמה בלייבט אַ בהמה. האָט זי דאָך אָפּגעסקובעט אַ שטשעפּע פון איין ביימעלע. שוין אַ גוטע, אַ צוגעוואַקסענע. די שטשעפּע האָט זיך האַלב אָפּ־געבראָכן, און האַלב איז זי געבליבן שטעקן... וואָס נאָך? — זי האָט איינ־איינעם מיטן גראָז אויף דער מעזשע אָפּגעגעסן דעם וויינשלבוים אונדזערן, וואָס מיר האָבן נאָך ניט געוואוסט אפילו, וועלכע ווינשל וועלן אויף אים וואַקסן. און שולדיק זיינען מיר אַליין דווקא איכעט געווען.

וואָס איז? מיר האָבן דען ניט געוואוסט, ווי אַזוי אין אַ סך סעדלעך ביי אונדזערע שכנים שטייט יעדעס ביימעלע אַרומגעצוימט מיט אַ שטעקלדיק פּלויטעלע אַ הויכס? ביי וועמען די שטעקעלעך זיינען פּראָסטע, און ביי וועמען אויסגעפּאַרבטע... טאָ פאַרוואָס־זשע האָבן מיר זיך ניט אָנגע־שטויסן, אויף וואָס דאָס איז, און ניט געמאַכט ביי זיך אויך דאָס אייגענע? דערווייל האָבן מיר אַרויסגעטריבן מיט כעס די בהמה. מיר האָבן איר געגעבן אַ האַק מיט אַ שטעקן איבער די קריזשעס און זי האָט זיך קוים אַרויסגעשפּאַרט דורכן שמאָלן טירל, ווייל די זייטן זיינען ביי איר געווען זאַטע, אָנגעגעסענע. אָבער פאַרוואָס האָט זי געטשעפּעט די ביימלעך?! דער מאַמען האָבן מיר אויך אָפּגעגעבן דעם אמתן גאָב.

— אויס! — האָבן מיר געזאָגט. — מערער די בהמה אין גאָרטן לאָזן

מיר ניט! אויב דו ווילסט, זי זאָל זיך פּאַשען, טאָ שטיי און היט זי! די ביימעלעך זיינען ביי אונדז טייערער!

— פון וועמען? — האָט די מאַמע געפרעגט מיט אַ שמייכל.

האָבן מיר זיך פאַרשעמט, דערפאַר, וואָס מיר האָבן ניט געוואוסט, ווי אַזוי איר אָפּצוענטפערן.

ערשט אויף מאָרגן, אַז הינדע איז געקומען פון שול, האָט זי געזאָגט דער מאַמען:

— ...פון דעם, וואָס די בהמה האָט זיך אָנגעגעסן מיט גראָז!...

די מאַמע האָט שוין פאַרגעסן און ניט געוואוסט, פון וואָס הינדע רעדט צו איר.

— פון וואָסער בהמה? וואָסער גראָז? — פרעגט די מאַמע.

— זיינען זיי ביי אונדז טייערער — ענטפערט איר הינדע.

— ווער איז ביי דיר טייערער? — פרעגט ווייטער די מאַמע.

— ווער, ווער! — ענטפערט שוין הינדע מיט אַ פאַרדראָס אין קול.

— די ביימעלעך זיינען ביי אונדז טייערער!... וויסטו שוין?...

— פון וואָס?

— אוי, וואָס טוט מען מיט איר? — האָט זיך שוין הינדע גענומען שטאַרקער יאָדען — פון דעם, זאָג איך דיר, וואָס דיין בהמה וועט זיך אָנעסן מיט גראָז...

— אַ־אַ־אַ?! טוט נאָר אַ קוק, — זאָגט די מאַמע, — וואָס עס ליגט איר אין זינען... נו, גוט... מען דאַרף זיך ניט יאָדען פון דער שוואַרציאָר ווייסט וואָס... איך וועל שוין מער ניט...

## 9. אין וואוקס

ס'זיינען אַוועקגעגאַנגען יאָרן. די ביימעלעך אין גאָרטן זיינען געוואַקסן, און מיר, אויף זיי קוקנדיק, האָבן געטאָן דאָס זעלבע. צו זיי, צו די ביימעלעך, האָבן מיר זיך שוין צוגעוואוינט, און דאָס, וואָס מיר גופא ווערן אַלע מאָל גרעסער, — דאָס האָבן מיר אפילו ניט באַמערקט.

הינדע מיט הערשלען זיינען אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט זיך לערנען אין אַ טעכניקום. די מאַמע האָט געזאָגט:

— מען דאַרף ניט פאָרן... אָט־אָ, — זאָגט זי, — בין איך ניט קיין געלערנטע, און מיר זיינען, חלילה, אויך ניט ערגער פון לייטן...

דער טאַטע אָבער זאָגט:

— קינדער, הערט זי ניט. פאָרט, איך בין געוואַקסן ניט אין אַזעלכע צייטן, און איך האָב זיך אויך געריסן לערנען.

דערנאָך בין איך שוין אויך געוועזן מיט הינדען און מיט הערשלען צוזאַמען. אין איין צימער האָבן מיר געוואוינט. און אויף זומער פלעגן מיר

קומען — ווער אויף איין חודש, ווער אויף צוויי און אויף דריטהאַלבן — אַהיים.

די סטעליע האָט אונדז שוין אויסגעזען צו נידעריק אין דער היים. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי הענגט איבערן סאַמע קאָפּ, אָבער מיר האָבן זיך אַלעמאָל געפרייט מיט אונדזערע אַלטינקע טאַטע־מאַמע, און זיי — מיט אונדז.

די מאַמע עפנט אויף גלייך דאָס פענצטערל אין גערטל אַריין. שטייען בלויע קוויטעלעך אויף הויכע שטענגעלעך און קוקן אַריין צו אונדז מיט אַזאַ אומגעריכטער פרישקייט און שמייכלען צו אונדז.

— דאָס זיינען נאָך אַלץ יענע קוויטן, — זאָגט די מאַמע, — וואָס הינדעלע, אַ געזונט אין אירע הענט, האָט נאָך דענסטמאָל פאַרזעצט.

— זע נאָר? וואַקסן זיי, הייסט עס, אַליין, יאָר אין יאָר, און מען פאַר־שפּאָרט זיי אפילו איבערזעצן!

— אָבער דו פּליוכעסט שוין ניט אויף זיי? — פרעגט הינדע מיט געלעכטער.

די מאַמע האָט זיך אַזש באַליידיקט...

— וואָס רעדסטו, וואָס, קינד? פאַר וועמען האַלטסטו מיך? איך וועל נעמען אַזאַ איידעלע זאַך, ווי קוויטן ,און ליאַפּען אויף זיי דער רוח ווייסט וואָס? פאַרקערט, איך האָב ערשט יענעם חודש אַ ביסעלע זיי אַרומגעשאָרט. איך האָב געקלערט — מיינע קינדערלעך וועלן קומען געזונטערהייט, טאָ זאָלן זיי האָבן חיות. מיר זאָל זיין פאַר איך, טייערע קינדער מיינע! — און די מאַמע שעמט זיך ניט אונדז קושן, כאָטש מיר זיינען שוין גרויסע, און ס'איז זייער מאָדנע וואָס זי טוט אַזוי.

פאַראַיאָרן קומען מיר צו פאָרן אַהיים, איך און הינדע (הערשל דאַרף ערשט קומען אין אַ פאָר וואָכן אַרום).

הערשל לערנט זיך שוין פאַר אַן אַגראָנאָם. ער האָט זייער ליב די אַרבעט. נאָך אין דער היים, אין שול, פלעגט ער זיך זייער אויסצייכענען אויף שטשעפּען ביימער, אויף דערציילן וועגן בינשטאָקן, וועגן סילאָס. אַז מיר זיינען געקומען פאַראַיאָרן זומער אַהיים, מיר זיינען נאָר אַראָפּ פון פור, מיר האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן איינצוואוואָשן פונעם זומערדיקן שטויב, וואָס מען נעמט אויף זיך אַן פאַר די דרייסיק ווערסט, וואָס פון דער באַן, ערשט די מאַמע, אָנשטאָט דעם, זי זאָל אונדז אָנגיסן און גיכער דערלאַנגען אַ גלאָז מילך, ווי זי טוט עס כסדר, האָט זי אונדז גאָר אָנגענומען פאַר די אַקסלען, און זי שטופּט אונדז צו דער דרויסן־טיר...

— קומט, קינדער מיינע, — זאָגט זי, — קומט, וועל איך אייך עפּעס ווייזן...

מיר זאָלן כאָטש וויסן, וואוהין זי שטופּט אונדז, צי אין שטאַל, צי צו דער מומע לאהן אין שטוב אַריין?...

מיר שטויסן זיך שוין אָן, אַז עפּעס וויל זי אונדז ווייזן אַ חידושדיקס,

אָבער גיי טרעף אַפּריער, וואָס זי מיינט אַזעלכעס... ערשט זי קערעוועט אונדז צום גערטל צו.

נו, גייען מיר אין גערטל.

דורכגעגאַנגען דאָס בייטעלע טריסקאַווקעס. הינדעלע שטעלט זיך אָפּ. זי האָט דערזען, ווי אַ רויטינק טריסקאַווקעלע קוקט גנביש אַרויס פון אונטער די טונקל־גרינע קיילעכדיקע בלעטער.

— ניין, ניין, — זאָגט די מאַמע, — וויטער גייט.

גייען מיר ווייטער. דורכגעגאַנגען דאָס ביימל, וואָס די בהמה האָט דענסטמאָל כמעט געמאַכט פּאַר אַ קאַליקע (סע טוט אונדז נאָך איצט אויך באַנג). דורכגעגאַנגען דורכן מחיהדיק אָפּפרישנדיקן ביימעלע בעז, וואָס האָט שוין באַוויזן צוריק מיט עטלעכע וואָכן אָפּצובליען, אָבער ס׳זעט נאָך איצט אויך אויס אַזוי שיין: די בלעטעלעך מיט די שפּיצן הענגען אַראָפּ, ווי די שיינע אוירינגלעך, און ס׳שמעקט אַזוי געשמאַק, אַז סע צעגייט זיך אַזאַ חיות אין האַרצן. נו, אַז מיר זיינען צוגעקומען צום צווייטן עפּלביימעלע, שוין צום גאַנצינקן, האָט די מאַמע אָפּגעלאָזן אונדזערע אַקסלען. איר בליק איז געווען אַ קוואַל פון פאַרגעניגן. זי נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון אונדזערע פּנימער.

— קוקט, — זאָגט זי, — קינדערלעך.

מיר הייבן אויף די אויגן.

— אוי, מאַמעלע טייערע! — האָט הינדעלע אויסגעשריגן און אַזש אונטערגעטאַנצט. און זי האָט געכאַפּט קושן די מאַמע, און מיך, און דאָס ביימעלע.

אַזוי ווי אַ שיינע כלה אַ דאָרפישע, איז דאָס ביימעלע געשטאַנען. ניין, ניט ווי אַ כלה, ווי אַ מאַמע אַ יונגע, און אויף יעדער צווייג — עטוואָס ליכטיקער פון די גרינע שמעקנדיקע בלעטער — הענגען עפּל. אמתע, גרויסע שיינע עפּל. שוין באַלד צייטיקע!

— אוי, ס׳אַראַ מיני עפּל! אוי, אויף אַלע צווייגן!

און דאָס ביימעלע קוקט אויף אונדז אויך מיט אַזאַ מין שמייכלענדיקער צאַרטקייט...

— טייערע קינדערלעך, — זאָגט די מאַמע, — מיר זאָל זיין פּאַר אייך! איר געדענקט כאָטש, ווי אַזוי מעפּאַדי האָט געשפּילט אויף ביילקעס גיטאַרע, און סטאַהדאָט האָט געטאַנצט? און איצט האָט דער טאַטע ניט געלאָזט זיך צורירן צו די עפּל, ביז די קינדער וועלן קומען.

— ווען הערשל זעט עס! — שטיי איך מיט אַ צעעפנט מויל און קוק אויפן בוים.

— פּ־ס־ס, — מאַכט הינדע, — הערשל האָט פּראַקטיקירט אין אַ ראַט־ווירט. זיינען דאָרט פּאַראַן סעדער — אפשר צו פופציק העקטאַר די גרויס!

דערנאָך איז געקומען דער טאַטע פון אַרטעל, און די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען:

— נו, זיי האָבן שוין געזען?

— געזען, געזען, — זאָגט הינדע, — איצט וועלן מיר נעמען און מיראָשן דעם קולאַק אויף צו להכעיס וועלן מיר אַריינשלאָגן אַ פּאָר סטויפּעס, און מירן דאָרט צוסטרויען אַ טיש מיט אַ באַנק...

— אויף מיראָשן ליגט שוין לאַנג אַ באַרג ערד, — זאָגט דער טאַטע, — און זיינע זין זיינען שוין אויך ניט פון די גרויסע מיוחסים. ס'איז שוין ניט יענע צייטן, וואָס אַמאָל. צוויי זיינען גאָר ערגעץ פאַרטראָגן געוואָרן דער רוח וויסט וואו.

— און כוועדער? — טו איך אַ פרעג אַזוי ווי אין דער וועלט אַריין.

— כוועדער? — ענטפערט דער טאַטע מיט מערער אָפּשיי אין קול. — כוועדער איז שוין אויך ניטאָ. דערפאַר אָבער זיינען די קינדער זיינע אַוועקגעגאַנגען זייער הויך. סידאָר דער אײדעם איז ערגעץ אין קאַראַסטען אין „טשערוואָני סקאַטאַר". איך האָב געהערט, אַז מען האַלט דאָרט פון אים שטאַרק. און אַלעקסאַנדער, אים וואָלסטו שוין ניט דערקענט...

— ער האָט געקאַנטשעט אויף אינזשעניער אָדער וואָס, — מישט זיך שוין די מאַמע אַריין אין די רייד, — אַז ער איז דאָ געווען איינמיטן ווינטער, האָט ער זיך דווקא געפרעגט אויף אייך...

און אַז ס'איז געקומען צום אויפקלאַפּן דעם טיש, האָט דער טאַטע ערשט געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד צעטאָפּטשען די בייטן. זאָל וואַקסן, אַז עס וואַקסט, און אויף איבעראַיאָר, אַז מירן דערלעבן, אויב ס'ווילט זיך אייך אַזוי שטאַרק אַ טיש, וועלן מיר עס באַוואָרענען.

## 10. איצט

איצט איז זומער.. איצט איז שוין דער „איבעראַיאָר", וואָס מיר האָבן דערלעבט.

נאָך אַ וואָך פאָרן מיר אין אורלויב, און דוכט זיך, אַז טאַקע ווידער־אַמאָל אַהין צו יענעם גערטל, וואו דער רייכער סטאַהדאָט האָט געשריגן „ניע פאַזוואָליו", און חיים־יונה דער שניטקרעמער האָט מיט אַ זיס קולכל איינגעטענהט:

— „לייבקע, דו ביסט דאָך אַ יידיש קינד, צו וואָס דאַרפסטו דאָס?"

אַהין וועלן מיר פאָרן. זאָל עמעצער פון אייך אויך פאָרן מיט אונדז אַהין, צו יענעם טישל, וואָס דער טאַטע האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַוואָרענען. דאָרטן וועט ער אונדז מכבד זיין מיט טריסקאַווקעס און מיט עפּל, מיט אייגענע אוגערקעס, מיט אייגענע קאַרטאָפלעלעך און מיט קייעכעס.

דאָרטן וועלן מיר פאַרנאַכט ביי אַ גלעזל טיי בעטן מיינע אַלטינקע פאַרהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן אונדז אַ ביסינקעלע דערציילן וועגן אַמאָל און וועגן היינט.

# אונדזער קליינינק דינסט־מיידעלע

## 1.

## איך וואַרט אויף אונדזער דינסט

ביי אונדז אין האַרבאַרניע אַרבעט מען אויס פעל אויף יוכטן. יוכטן, וואָס מ׳קען פון זיי נייען אמתע שטיוול. מיין טאַטע קען זייער גוט די מלאכה. אַלע אַרבעטער זיינען אים מקנא און קומען צו אים זיך לערנען.

אַז ס׳שטעלט זיך ביי אונדז אין שטאָט אַ יאַריד, האָט דער טאַטע קיין צייט ניט צו אַרבעטן, די מאַמע טרייבט אים ער זאָל גיין האַנדלען, אַלע האַרבאַרעס האַנדלען, דאַרף ער אויך גיין. פאַרשליסט ער די האַרבאַרניע אין הויף, עסט אָפּ אַ גוטן אָנבייסן און גייט אַוועק אויפן יאַריד אַלצדינג אויפ־קויפן.

ער קויפט וואָס ס׳מאַכט זיך: אַ קרענצל ציבעלעס, אַ פּאָר מאַקוכעס און אַ פעלכל און האָבער פאַרן פערד. אַלע זאַכן ברענגט מען אַהיים און מ׳שיט אויס אין קיך אויפן סאַמע דורכגאַנג, און מ׳לויפט ווייטער אויפן יאַריד, ווייל ווינטער, — זאָגט די מאַמע, — איז דער טאָג אַ קליינער. איידער מ׳קוקט זיך נאָך אום, דאַרף מען שוין זיך לייגן שלאָפן. דערנאָך קומען נאָך צו אונדז צו פאָרן שוסטער פון אַלע דערפער. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי קיין צייט ניט עסן קיין וואַרמעס, ווייל אין אַ יאַריד עסט מען נישט, און נאָר אויף דער נאַכט קלייבט מען זיך אַלע צונויף און מען עסט וועטשערע.

ביים טיש איז קיין עין־הרע אָן ענגשאַפט. די שוסטער פון די ווייטע דערפער בלייבן ביי אונדז כסדר אויף נעכטיקן.

זיצן מיר: די שוסטער די דאָרפישע, זייערע ביידע פורמאַנעס און דער טאַטע מיט מיר (די מאַמע האָט קיין צייט ניט זיצן ביים טיש, זי דאַרף דער־לאַנגען אַלעמען דאָס עסן). איינער פון די פורמאַנעס, אַז ער קומט צו פאָרן, ברענגט ער כסדר זיין ווייס הינטל. דאָס הינטל איז אַ ווייס און אַ לאַנגס, פון אַ פרעמדן דאַרף איז עס. און אַז ס׳זיצט אויפן וואָגן, וועט שוין קיינער גאָר־ניט צונעמען פון וואָגן... אפילו מיר, וואָס ס׳איז אונדזער אייגענער הויף, האָבן מיר אויך מורא אַריינטראָגן האָלץ פון שטאַל, ווייל דאָס הינטל זיצט אויפן וואָגן און גיט אויף איטלעכן זייער אַכטונג.

ביים טיש שיילט מען געקאָכטע קאַרטאָפל, ביים טיש לויבן די שוסטער

אונדזער קרויט און אַלע מאָל צעבינדן זיי זייערע פּעקלעך, וואָס זיי האָבן געקויפט אויפן יאַריד און זיי ציילן און שאַצן זייערע סחורות. און אַז איך זיץ און שרייב מיין אַפּיר, זאָגן די שוסטער, אַז איך שרייב זייער שיין. איינער זאָגט, אַז ער האָט אין דאַרף זייער אַ שיינע מיידעלע, וועט ער זי מיר ברענגען פאַר אַ כלה. איך קוק אי אויף אים, אי אויף מיין מאַמען. אויף דער מאַמעס פּנים קאָן איך דערקענען צי ס'אַן אמת, וואָס ער וויל מיר ברענגען פון דאָרף זיין מיידעלע, צי דאָס רייצט ער זיך מיט מיר נאָר.

רופט זיך אָן די מאַמע צו די שוסטערס און זי זאָגט:

— איר וואָלט מיר בעסער גאָר נאַראַיעט עפּעס אַ מיידעלע אין שטוב אַריין, זי זאָל מיר העלפן טאָן.

אַז די מאַמע האָט אַזוי געזאָגט, האָט שמעון מיט דער שוואַרצער באָרד אַ קוק געטאָן אויף קלמנען, וואָס מיט דער געלער באָרד. דערנאָך האָט קלמן מיט דער געלער באָרד אַ קוק געטאָן אויף שמעונען מיט דער שוואַרצער באָרד און זיי זאָגן, אַז יאָ. זיי קענען ברענגען נתן דעם קאָוואַנקערס מיידעלע, לאָנען, צו אונדז אין שטוב אַריין פאַר אַ דינסט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער מאַמען זאָגן די די שוסטער געוויס ניט קיין ליגן, וועט מיר טאָקע זיין גוט, וואָס ביי אונדז אין שטוב וועט כסדר זיין נאָך אַ מיידעלע. איך האָב געוואוסט, אַז ביי איר, ביי דעם מיידעלע, איז געוויס דאָ אַ מאַטראָסנע בלוז־קעלע מיט רויטע סטענגעס אין די צעפּעלעך, אַזוי ווי איך האָב געזען איינמאָל אַ מיידעלע, וואָס מ'האָט געבראַכט צוגאַסט צו אונדז אין שטאָט פון ערגעץ אַן אָרט, איך האָב פאַרגעסן וואו.

אויף מאָרגן זיינען די שוסטער גאַנץ פרי אַוועקגעפאָרן, האָב איך שוין געקומען וואַרטן אויף דעם מיידעלע.

איך האָב געוואַרט אַ וואָך, איז זי ניט געקומען, און איך האָב נאָך געוואַרט צוויי פרייטיקס, און זי איז נאָך אַלץ ניט געקומען. איז געוואָרן טיף ווינטער, מ'האָט שוין אָנגעהויבן גיין אין „שקאָלע" צום צווייטן טרימעסטער, און איך האָב זיך שוין פאַרגעסן פונעם מיידעלע.

איינמאָל ווינטער איז ווייטער אַ יאַריד אין שטאָט. אויף אַ יאַריד לערנט מען ביי אונדז נאָר ביז האַלבן טאָג. און דער יאַריד צעברענט זיך אויך ערשט פון האַלבן טאָג. דער גאַנצער מאַרק איז אָנגעשטעלט מיט אַ סך דאָרפישע פורן. פאַר די קלייטן הענגען רויטע ברענענדיקע טוכן און ס'איז אַ שטופּעניש. דער פּראָסט סקריפּעט אונטער די פיס, דער שניי — אונטער די שטיוול. גיי איך מיט אַלע יינגלעך פון שול אַהיים, מיר טראָגן די ביכלעך אויף די פּלייצעס און מיר שטעלן זיך אָפּ לעם אַ בײדל, פאַרקויפט מען דאָרט „אַבראַזן" און אַלערליי „קאַרטינעס".

גיי איך אַ ביסעלע ווייטער, פאַרקויפט מען דאָרט אויף טישלעך צוקער־קעס מיט ביכלעך און מיט צאַצקעס. אַנדערע צאַצקעס זיינען אַליין פון הוילער צוקערקע. פאַראַן קאַטשקעלעך אַזעלכע, וואָס אי די פיסעלעך אי

דאָס קעפּעלע, אי דאָס בײכעלע מיט אַלצדינגס זײַנען פֿון הוילער צוקערקע. און בלעכער שטייען נאָך מיט ווייסן בלעכענעם געפֿעס. קלער איך שוין מער פֿון גאָרניט, נאָר איך קלער, אַז ווען איך האָב געלט קויף איך זיך פֿינף ביכלעך און פֿינף קאַטשקעלעך פֿון צוקערקעס מיט אײנעם אַ גרויס בלעכערן מעלק־שעפל. ביי אונדז איז די בהמה אַ רויטע מיט אַ ווייסן שטערן, דאַרף מען צו איר האָבן אַ בלעכערן מעלק־שעפּל מיט אַ זייערל, אַזוי ווי ביי די דייטשן.

די פֿורן ווילן מיך איבערפֿאָרן מיט די שליטנס, און די מענטשן ווילן מיך פֿאַרטרעטן, אַזוי געדיכט איז דער יאַריד, אָבער איך בין אַ קלײנער נאָך, גיי אומעטום דורך צווישן און איך קום אַרויס אַ גאַנצער. אַ פֿרעמד לאָשעקל האָט זיך פֿאַרבלאָנדזשעט אין סאַמע עק מאַרק און האָט ניט געקענט געפֿינען זיין שליטן, האָט זיך מיר זייער שוין געגלוסט פֿאַרקערעווען דאָס לאָשעקל און פֿאַרטרייבן צו זיך אַהיים. איך האָב פֿאַרגעסן פֿון די קאַטשקע־צוקערקעס און געוווּנען קלערן, אַז איך קען געבן דעם לאָשעקל אַלע טאָג עסן, וועט ביי מיר אויסוואַקסן אַ פֿערד שוין אײנמאָל אַ פֿערד...

דערווייל האָב איך דערזען צווישן די מענטשן די מאַמע מיינע. און די מאַמע האָט מיך דערזען, האָט זי מיך געוווּנען רופֿן: פֿערטשיק! — האָט זי געוווּנען רופֿן. — גיכער, נעם פֿיר אָפּ אַט דעם־אָ, מיט דער פֿעל, אַהיים. זאָג דעם טאַטן, אַז איך האָב אויסגעדונגען צען גילדן אַרבעט־געלט.

— גוט! — זאָג איך. און איך גיי שוין אַוועק מיטן פֿויער און מיט דער פֿעל, וואָס ביי אים אויף די פּלייצעס, גלייך צו אונדז אַהיים.

ביי אונדז אין דער היים זיינען אין הויף שוין ווייטער געשטאַנען שוס־טערשע פֿורן און ווייטער ס׳ווייסע הינטל אויפֿן שליטן, און אונדזער בהמה איז געשטאַנען אויפֿן הויף און געקייט די זשויקע, האָט זי אַפֿילו ניט געוואָלט צוגיין צו די שליטנס מיט היי. דאָס היי איז, ווייזט אויס, געווען פֿערדישער, און אין קיך איז ביי אונדז ווייטער אָנגעוואָרפֿן אַזוי ווי אויף אַ יאַריד. ס׳ליגן זעק מיט קאַרטאָפֿל, זעק מיט פֿאַלאָווע און מאַקוכע און אַ זעקס געבונדענע ראָבע גענדזעלעך.

אַזוי קיין מענטשן זיינען קיינער ניטאָ, נאָר איך גיב אַ קוק אין סאַמע ווינקעלע, וואוהין ס׳האָט זיך פֿאַררוקט אײנע פֿון די גענדז, זיצט עפּעס אַזוי ווי אַ מיידעלע. בין איך אַנטלאָפֿן געוואָרן אין שטוב אַריין, און פֿון טיר האָב איך געוווּנען קוקן אויף איר מיט איין אויג, זי זאָל מיך ניט זען... קוקט זי אָבער צו מיר אויך.

אין שטוב, אַז עמעצער קומט אַריין, לייגט ער עפּעס אַוועק, אָדער מען נעמט עפּעס צו און מ׳גייט זיך באַלד צוריק אַוועק. און דאָס מיידעלע איז עפּעס אַזאַ מאָדנע. זי גייט אין אַ צעלעכערט פּעלצעלע און אין צוויי אָפּ־

געריסענע שטיוול פֿאַרבונדן מיט שטריקלעך. איך האָב גענומען, איך האָב געוואָלט זי זאָל זען, אַז מיין טאַטע האָט טאַקע אַ פֿידל. אונדזער פֿידל ליגט אויף דער שאַפֿע אין אַ לייוונטענער טאָרבע. האָב איך זי אַראָפּגענומען און גענומען דרייען די שרייפֿלעך פֿון די סטרונעס. איין סטרונע האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און זי איז גלייך אויפֿן אָרט צעלאָפּעט געוואָרן. האָב איך גיכער געכאַפּט און באַהאַלטן צוריק דעם פֿידל. און פֿרעג עס שוין דאָס מיידל אויפֿן קיך מיט אַ כּעס:

— וואָס טוסטו דאָ?

שווייגט זי.

— ווי אַזוי רופֿט מען דיך?

זאָגט זי שטילינקערהייט — לאַנאַ.

אַז איך האָב דערהערט „לאַנאַ״, האָב איך שוין געוואוסט, אַז דאָס איז דאָס קאַוואַנקער מיידעלע.

פֿרעג איך ביי איר:

— און וועמעס זיינען עס די גענדז? דיינע?

זאָגט זי:

— ניין.

— טאָ וועמענס זשע, די שוסטערס?

זאָגט זי:

— יאָ, די שוסטערס.

— און דיין טאַטע איז אויך אַ שוסטער? — פֿרעג איך.

זאָגט זי:

— פֿון וואַנען ווייסטו?

זאָג איך, אַז איך ווייס ניט. איך פֿרעג נאָר אַזוי.

זאָגט זי: — מיין טאַטע איז טאַקע אַ שוסטער, נאָר ער האָט ניט וואָס צו נייען, מאַכט ער אויוונס אויפֿן דאָרף.

— און וויפֿל ביסטו אַלט?

זאָגט זי: — צען יאָר.

— און מיר איז שוין אַכט יאָר, זאָג איך, גיי איך שוין אין דער ערשטער גרופּע.

זאָגט זי: דאָס ביסטו דער באַלעבאָסטעס יינגעלע?

זאָג איך:

— וועלכער באַלעבאָסטעס?

זאָגט זי: דיין מאַמעס?

זאָג איך: — אוודאי בין איך מיין מאַמעס! — און איך שלעפּ אַרויס פֿון אויוון פּאַמפּושקעס. אַז ס'איז אַ יאַריד קען מען ביי אונדז שלעפּן פֿון אויוון וואָס מען וויל. קיינער מישט זיך ביי אונדז ניט, כאַטש נעם און טראָג אַרויס די גאַנצע שטוב.

די פּאַמפּושקעס זיינען מיט מאָן. ווייל איך אַליין ניט עסן.

איך וויל זי זאָל אויך עסן, לאַנע, גיב איך איר, זאָגט זי אַ דאַנק און זי עסט.

און איך רוף זי אויף דרויסן. איך פֿאַרפֿיר זי אין הויף און ווייז איר ווי אַזוי די הילצערנע ראָד פֿון דער מאַשין דרייט זיך ביי אונדז אין שאָפּע און איך ווייז איר ווי אַזוי מען קען פֿאָרן אויף דער ראָד. דערווייל דערהער איך אַ געשריי. די מאַמע שרייט, אַז ס'זיינען אָפֿן אַלע טירן, ס'איז אַ פֿולע שטוב מיט הינט און זיי שלעפּן די פעל.

— ווער האָט עס געלאָזט אָפֿן די טירן? — פרעגט זי מיך, די מאַמע — ס'דו, צי לאַנע?

קוק איך אויף דער מאַמען און שווייג.

— איך ווייס ניט, — זאָג איך, ווער ס'האָט געלאָזט אָפֿן די טירן, ס'ניט איך און ניט לאַנע...

2.

## ווי אַזוי לאַנע איז ניט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן

אונדזערע שכנים זאָגן, אַז די מאַמע האָט מזל, וואָס לאַנע איז ביי אונדז אַ גוטע דינסט, איר אַרבעט, זאָגן זיי, איז גאָלד מיט זילבער. און די מאַמע זאָגט, אַז איינעם דאַכט זיך, וואָס ביים צווייטן לאַכט זיך.

פרייטיק זומער, אַז מ'באַקט ביי אונדז קנישעס, לייגט זיך לאַנע אַנידער אויפן גאַנעק און טראַסקעט מיט די פיס אין דער ערד, זי שרייט, אַז זי וויל נאָך קנישעס.

די מאַמע זאָגט, אַז ס'שוין אַזאַ דינסט האָבן אונדז די שוסטער באַראַיעט, אַז מען דאַרף צו איר אַליין דינגען אַ ניאַנקע.

אַז די מאַמע זאָגט זי וועט צו איר דינגען אַ ניאַנקע, צו לאַנען, קרימט זי זיך נאָך נאָך איר, לאַנע, נאָך מיין מאַמען, אַזוי ווי מיין מאַמע וואָלט קענען זאָגן אַ ליגן. און איך ווייס, אַז מיין מאַמע זאָגט קיינמאָל ניט קיין ליגן, און לאַנע קען אויך ניט זאָגן קיין ליגנס. זי זאָגט, אַז אַ מענטש, וואָס זאָגט ליגנס, קען ער נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועקשטאַרבן.

איז טאַקע פאַרנאַכט, שבת, אַז די מאַמע שלאָפט און אַלע שלאָפן, דער־ציילט זי מיר, לאַנאַ, דעם גאַנצן אמת ווי אַזוי זי איז אַוועקגעפאָרן צו אונדז פאַר אַ דינסט.

איר טאַטע — דערציילט זי, — האָט זייער אַ סך קינדער. פון אַנדערע האָט ער זיך אפילו פאַרגעסן, ווי אַזוי מען רופט זיי. דאָס זיינען די גרעסערע שוועסטער אירע, כאַשקע און יענטע און דאָרטן נאָך שוועסטער. די שוועסטער אירע דינען שוין אַזוי לאַנג אין דער פרעמד, אַז זיי האָבן שוין געקערט לאַנג חתונה האָבן.

— ביי אייך איז אַ גרויסע שטוב? פרעג איך זי, לאַנען.
זאָגט זי:

— אָהאָ! ביי אונדז איז די שטוב אַזאַ גרויסע, אַזוי ווי גאָרניט.

אונדזער שטוב שטייט מיטן גלחס שטוב איינס אַנטקעגן ס׳אַנדערע. און אַז מיין טאַטע האָט געקערט דעם קוימען ביים גלח אויפן דאַך, איז ער איינמאָל אַראָפּגעפאַלן און זיך שיעור ניט געהאַרגעט אינגאַנצן אויף טויט.

דער גלח האָט זיך דערשראָקן, — דערציילט זי, לאַנאַ, — און ער האָט זיי אַריינגעטראָגן אַ גאַנצן פּוד מעל אין שטוב אַריין. און אַלע יידן פון זייער דאָרף האָבן זיך אויך דערשראָקן, האָבן זיי זיך אָנגעקליבן אַלע, מ׳האָט אים געלייגט נאַסע שמאַטקעס צום קאָפּ און מ׳האָט געסמאַטשקעט מיט די ליפּן.

— און די מאַמע וואָס האָט געטאָן? — פרעג איך זי.

— די מאַמע? — זאָגט זי, לאַנאַ. — ס׳דענסטמאָל געווען אַזוי. דער טאַטע איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן אויפן קאַסטן און געקרעכצעט שטילינקערהייט און די מאַמע האָט געוויינט און פאַרקנעטן פונעם גלחס מעל פלעצלעך. האָבן מיר אַלע געגעסן.

— דערנאָך, — דערציילט לאַנאַ, — איז איר טאַטע שוין געווען שלאָף אַ גאַנצן זומער. זיינען זיי אַ גאַנצן זומער געזעסן הונגעריקע און זי פלעגט מיט נינען דער גלחטעס באַקן פון בלאַטע ברויטלעך.

— דו מיינסט, — זאָגט זי, — אַז טאַקע אמתע ברויטלעך? ניין! ס׳פון בלאָטע פלעגן מיר מאַכן קאָרענע און פון ליים — ווייצענע. דערנאָך פלעגן מיר זיי אָפּבאַקן אויף דער זון, האָט מען זיי ניט געקענט עסן, וואָרום זיי האָבן געקריטשעט אונטער די ציין.

— דערנאָך זיינען געקומען קלמן דער גלעזער מיט שמעונען דעם שוואַרצן פונעם יאַריד, האָבן זיי געזאָגט מיין טאַטן, אַז זיי האָבן מיך שוין באַשטעלט אין שטאָט אַריין צו אייך אין האַרבאַרניע פאַר אַ דינסט.

— נו, איז וואָס געווען?

— איז וואָס געווען פרעגסטו? דער טאַטע האָט זיי אָנגעדאַנקט אַ פולן קאָפּ און איך מיט דער מאַמען האָבן מיר זייער שטאַרק געוויינט.

— פאַרוואָס־זשע, — פרעג איך, — האָט איר עס געוויינט?
זאָגט זי:

— אַז מען דאַרף אַוועקפאָרן פון דער היים, וויינט יעדערער. כאַשקע מיט יענטען האָבן אויך געוויינט, אַז זיי האָבן געדאַרפט אַוועקפאָרן.

דערנאָך, דערציילט זי, לאַנאַ, אַז זי האָט זיך טאַקע באַרימט פאַר נינען דער גלחטעס, וואָס זי פאָרט אַוועק אין שטאָט אַריין אין האַרבאַרניע פאַר אַ דינסט, האָט איר נינע מקנא געווען און וויינענדיק האָט זי געוויינט אונטערן שטאַל ביי זיי אויפן בערגעלע.

— דערנאָך, — זאָגט זי, האָב איך זיך צעטיילט מיט נינען מיט די ברויט־

לעך, האַלב איר און האַלב מיר, מיינע האָב איך צעבראָכן אויף פּיץ־פּיצלעך און איך בין אַוועקגעפאָרן צו אייך.

איך ווייס, אַז לאַנאַ דערציילט אַלצדינג אמת. וואָרום מיין מאַמע זאָגט אויך, אַז לאַנעס טאַטע איז זייער אַן אָרעמער.

אַז לאַנעס טאַטע קומט אַראָפּ צו אונדז צו גאַסט, פּיפּקעט ער די ליולקע; ביי אים זיינען גרויסע ברעמען אַריבער די אויגן און אַ גרויסע דאָרפישע באָרד. אַז ער קומט, זעצט ער זיך אַנידער אינמיטן שטוב אויף אַ בענקל, די טאָרבע לייגט ער אַנידער אויף דער ערד, דעם שטעקן אויך, און ער טרייבט אָן לאַנען זי זאָל טאָן איר אַרבעט.

— טו, טו, — זאָגט ער צו איר, — פויל זיך ניט.

— האָרכסטו, — זאָגט ער, — האָרעווע, מיידעלע, וועסטו האָבן אַ קליידעלע, — און ער פּיפּקעט די ליולקע.

איבער זיינע גרויסע ברעמען, זעט מען ניט צי ס׳ביי אים דאָ ערגעץ אויגן אין פּנים, צי ניין.

אַז איך בין איינמאָל געגאַנגען פון שול, איז לאַנאַ צו מיר אַרויסגעלאָפן אויפן גאַנעק און זי זאָגט:

— פּערטשאָ, האַ, פּערטשאָ! דו ווייסט ווער ס׳געקומען?

— ווער? — זאָג איך.

זאָגט זי:

— מיין טאַטע איז געקומען.

— מיט אַ פור? — זאָג איך.

זאָגט זי:

— ניין, מיין טאַטע גייט כסדר צופוס.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין קיך און זיך שוין געשעמט גיין אין שטוב אַריין. דערנאָך בין איך אַריין, האָב איך אים געגעבן מיט דער רעכטער האַנט שלום און ער האָט מיר צוגעהאַלטן די האַנט און ניט געוואָלט אָפּלאָזן.

אַז לאַנעס טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען נאָך וואָרמעס מיט זיין שטעקן און מיט דער טאָרבע פאָרן צוריק צו פוס אַהיים, האָט ביי מיר לאַנאַ גענומען אַ פּערטל פּאַפּיר און אָפּגעגעבן אים פון איר ברודערס וועגן, ער זאָל זיך דאָרטן לערנען שרייבן. און מיר האָט זי געזאָגט, אַז איר טאַטן איז בעסער, וואָס ער גייט צופוס.

— פאַרוואָס, — פרעג איך, — איז אים בעסער וואָס ער גייט צופוס?

זאָגט זי, אַז דערפאַר איז בעסער, ווייל זי איז געזעסן אויפן שליטן בשעת זי איז געפאָרן צו אונדז פאַר אַ דינסט, איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן און איז אַראָפּגעפאַלן פון שליטן. טאַקע אויף אַן אמת? — פרעג איך זי.

זאָגט זי:

— זאָל איך ניט דערלעבן מאָרגן.

וויפל די מאַמע האָט זי ניט געלערנט, לאַנען, זי זאָל זיך ניט שווערן מיט קיין שבועות, קען זי זיך נאָך אַלץ ניט אָפּגעוואוינען. ביי זיי אין דער היים, — זאָגט זי, — פּלעגט זי זיך פאַר יעדעס פּיצעלע שווערן מיט שבועות.

— איז וואָס־זשע געווען, פרעג איך זי, אַז דו ביסט אַראָפּגעפאַלן?

זאָגט זי, אַז ס׳גאָר ניט געווען. זי איז געלעגן אויפן שניי און איז געשלאָפן ביז וואַנען ס׳זיינען געפאָרן נאָך פורן אויפן יאַריד. פאָרן זיי די פורן און זיי פאָרן, פלוצים דערשרעקן זיך די פערד און זיי טוען אַ שפּרונג אין אַ זייט. איז דער פויער אַראָפּגעקראָכן פונעם שליטן און האָט ער דערזען, אַז עפּעס אַ מיידעלע שלאָפט אויפן שניי. האָט ער מיך אויפגעוועקט און דערזען, אַז ס׳איך, זאָגט ער:

„צע טי נאָסיעלעוואַ זשידיוואַטשקאַ?״ (ביסט נאָסעלס מיידעלע?)

זאָג איך:

— „עהע״. (יאָ),

זאָגט ער:

— „שאָ טי טוט ראָביש?״ (וואָס טוסטו דאָ?)

— זאָג איך, אַז איך פאָר אין האַרבאַרניע אַריין פאַר אַ דינסט.

נו, איז וואָס געווען ווייטער?

— נו, איז ווייטער אַזוי געווען: אַז איך בין שוין אַוועקגעפאָרן מיט אים, ביי אים איז געווען אַ פולער שליטן גענדז, בין איך געזעסן צווישן די גענדז, איז מיר געווען וואַרעם. און דערנאָך זיינען מיר פאַרפאָרן אין שטאָט אַריין. אוי ווי, מאַמעלע, ס׳אַ סך פורן ס׳האָבן זיך דענסטמאָל געטאָן אין שטאָט, אַז מ׳האָט אין ערגעץ ניט געקענט קיין שפּילקע דורכשפּאַרן.

— האָסטו מורא געהאַט? — פרעג איך.

זאָגט זי:

אוודאי האָב איך מורא געהאַט. מיר האָבן זיך פאַררוקט ערגעץ אין מיטן מאַרק ביים סאַמע עק, צווישן די פורן, און איך האָב שוין גאָרניט געוואוסט, וואו איך בין. אַלע רגע זיינען געקומען ווייבער טאַפּן די גענדז, האָט ער זיי געזאָגט, דער „כאַזאַאין״, אַז ס׳ניט זיינע... ער פירט אין האַרבאַרניע אַריין! דערנאָך האָט ער מיך פאַרפירט אינאיינעם מיט די גענדז און מיט דער פעל צו אייך.

— דאָרטן איז געווען אַ וואַלד? — פרעג איך, — וואו דו ביסט אַראָפּגעפאַלן.

— אַהאָ! — זאָגט זי, — נאָך אַ מין וואַלד, דאַכט זיך, אַז אונטער יעדן בוים האָט דאָרט געקענט זיצן אַ וואָלף.

— נו, ביסטו ניט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן.

— ניין, זאָגט זי, — איך האָב אפילו אויף קיין קאָפּ ניט געבלאָנדזשעט:

אַז מ׳האָט מיך פֿאַרפֿירט צו איר, האָט מען פֿריער אַראָפּגעטראָגן די געגנדז, דערנאָך האָט מען אַריינגעפֿירט מיך אין קיך אַריין, איך זאָל זיך אָנוואַרעמען. האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אין קיך אין אַ ווינקעלע און בין געזעסן.

3.

## ווי אַזוי ס׳איז ווינטער אַ מורא צו גיין אין מיל אַריין

לאָנאַ האָט געקענט זייער שיינע מעשות דערציילן. איין מעשה קען זי פֿונעם זומער מיטן ווינטער: ווי אַזוי דער ווינטער זאָגט צום זומער:

— זומער, זומער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע היצן? די אָרעמע לייט וועלן דאָך דיר דיינע ביינער פֿאַרשמיצן.

זאָגט דער זומער צום ווינטער:

— ווינטער, ווינטער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע קעלטן? די אָרעמע לייט וועלן דאָך דיר דיינע ביינער פֿאַרשעלטן!...

ווינטער ביינאַכט פֿליקט זי, לאָנאַ, פֿעדערן לעם דער הרובע און זי דערציילט כּסדר די מעשה פֿונעם זומער מיטן ווינטער און פֿון דער זאַווערוכע מיט דער מעטעליצע.

און די מאַמע זאָגט טאַקע, אַז היינט איז אַזאַ ווינטער, אַז זינט זי געדענקט איז נאָך אַזאַ ווינטער ניט געווען. איינמאָל נאָר, אַז זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, האָט געשאָטן אַזאַ שניי, אַז די פּלויטן האָבן זיך שוין ניט אַרויסגעזען.

— איז מען געפֿאָרן איבער די פּלויטן? — פֿרעג איך.

זאָגט לאָנאַ, אַז בשעת ס׳איז אַ גרויסער שניי קען מען פֿאָרן אפילו איבער די הויכע ביימער און איבער די דעכער פֿון די הייזער און מ׳זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן. און ביי זיי אין דאָרף, דערציילט זי נאָך, לאָנאַ, איז געפֿאָרן אַ שליטן מיט „כּאַזאַאינעס” צוגאַסט אינעם צווייטן דאָרף און ס׳האָט געשאָטן אַ גרויסער שניי, זיינען זיי אַריינגעפֿאָרן מיט די פֿערד אין אַ גרויסן יאַר אַריין און דער שניי האָט זיי פֿאַרשאָטן מיט די פֿערד אינאיינעם, איז שוין דאָ אַזוי פֿיל יאָר דערינען, האָט מען זיי נאָך היינט אויך ניט אָפּגעזוכט.

אַז לאָנאַ דערציילט אַזעלכע מעשיות, האָב איך מורא ווינטער ביינאַכט אַרויסגיין צו אונדז אין הויף אַריין. נאָר בייטאָג איז גאָרניט, בייטאָג האָב איך קיין מורא ניט.

ביי לאָבען זיינען נאָך ניט געווען קיין שיך, איז זי געווען געגאַנגען אין מיין טאַטנס אַלטע שטיוועלעטן. אַז זי פֿלעגט גיין אינדערפֿרי צו דער מילנערן נאָך מילך און אָננעמען פֿולע שיך מיט שניי, פֿלעגט זי דערנאָך ווייגען און צעשמיצן ביידע שיך איבערן פֿאָל.

איינמאָל אינדערפרי שטייען מיר אויף, שיט אַ גרויסער שניי אין דרויסן און ס׳בלאָזט אַ גרויסער ווינט אין דרויסן. האָט זיך לאַנאַ איינגעוויקלט אין דער מאַמעס זשאַקעט, האָט זיך אַרומגעבונדן מיט אַ האַנטעך, דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דעם טאַטנס הענטשעקעס און איז אַוועק אין מיל אַריין נאָך מילך. ביי דעם מילנער זיינען גוטע בהמות, ווען מ׳קומט צו אים, האָט ער מילך. און אונדזער בהמה אַז זי פאַרלאָזט זיך אויף ווינטער, וויל זי שוין גאָרניט געבן קיין מילך.

אַז איך האָב זיך אָנגעטאָן מיט אַלע זאַכן, שוין גיין אין שול אַריין, האָט מיר די מאַמע געהייסן איך זאָל זיך אויסטאָן צוריק און ניט גיין היינט אין ערגעץ דערפאַר, זאָגט זי, וואָס מ׳האָט היינט געפונען אין דרויסן פאַר־פרוירענע בערן.

— טאָ פאַרוואָס־זשע איז לאַנאַ אַוועק אין מיל אַריין — פרעג איך זי.

האָט מיר די מאַמע געזאָגט, אַז דער מילנער האָט אַ ביקס, ווען אַהין די בערן ניט קריכן.

נו, גוט. בין איך געבליבן אין שטוב און בין געלאָפן אַלע רגע צום פענצטער, קוקן צי לאַנאַ גייט שוין.

אין דרויסן איז געגאַנגען אַזאַ שניי מיט אַזאַ זאַווערוכע, אַז מ׳האָט גאָר־ניט געקאָנט זען. וואָרום דער שניי האָט זיך געדרייט איינס איבערן אַנדערן, אַזוי ווי מען גייט מיט עמעצן אַ טאַנץ.

די מאַמע האָט אַריינגעטראָגן אַ בערעמאָק האָלץ פון שטאַל, האָט אָנגע־טראָגן אַ פולע שטוב מיט קאַלטן שניי אויף די שיך, אויף דער שאַל און אומעטום. זי האָט געטופּעט מיט די פיס, האָט געכוקעט די הענט און האָט געזאָגט, אַז אין דרויסן טוט זיך: הימל־עפּן־זיך. כאָטש לאַנאַ זאָל גיכער קומען.

און צום מילנער דאַרף מען גיין מיט אַ גאָרטן און פון דעם גאָרטן קריכט מען איבער נאָך אַ גאָרטן. און קיין הייזער זיינען דאָרט ניטאָ, קיין מענטשן זיינען אויך ניטאָ. נאָר אַ סטעזשקע איז דאָרט אַ שמאָלע, איז זי איצט געוויס פאַרשאָטן מיט שניי.

אַלע טאָג, אַז איך גיי אין שול, עס איך נאָר איינמאָל אָנבייסן, און אַ טאָג, וואָס איך גיי ניט אין שול אַריין, וויל איך אַלע מאָל עסן.

גיט מיר די מאַמע לאַטקע מיט שמאַלץ — וויל איך ניט. גיט זי מיר האָניק — וויל איך אויך ניט. און איך וויל זי זאָל מיר געבן אַ הויפן מאָן מיט אַ ציגעלע צוקער. וועל איך אויפקלאַפּן אין שטויסל, וועל צעפּירן מיט וואַסער און אָנבראָקן אַהין ברויט, וועט זיין וואַרעניקעס.

די מאַמע האָט מיר פריער ניט געוואָלט געבן אַזוי פיל מאָן. זי זאָגט, אַז מ׳טאָר אַ קינד אַזוי ניט נאָכגעבן דעם האַלדז. אָבער אַז ס׳איז געקומען אַ ייד, וואָס מ׳רופט אים ביי אונדז שמערל דער לאַנגער מיטן פאַרדרייטן

קאַלטן (אינגאַנצן איז ער געווען אַן אָפּגעשאָטענער מיט שניי) און האָט גערופן דעם טאַטן מיט דער מאַמען זיי זאָלן גיין צו אים קויפן געפּרווירעגע פעל, האָט שוין די מאַמע מיר אָפּגעגעבן דעם מאַן מיט צוקער (דאָס שטויסל האָב איך אַליין אַראָפּגענומען) און די מאַמע האָט אָנגעטאָן איר קעצענעם בורנעס, דער טאַטע — זײַן לײַב־פּוטער; איז רב שמערל מיטן פאַרדרייטן קאַלטן אַוועק אַפּריער, זיי — נאָך אים, און לאַנאַ איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

דער מאַן איז פּעטער, אַז מ׳קלאַפּט אים אויף. דין ווערט ער, שוואַרץ אַזוי ווי די שוואַרצע ערד און קלעפּט זיך אין הרודקעלעך. און אַז מ׳צעפּירט אים מיט צוקער און מיט וואַסער, ווערט דאָס וואַסער צוריק ווייס אַזוי ווי מילך.

איך האָב אַ קוק געטאָן אין פענצטער, טאָמער גייט שוין לאַנאַ, איז זי נאָך ניטאָ. און דער שניי שיט אַלץ.

פאַר יעסיפּס שטוב האָבן זיך אָנגעמויערט גאַנצע בערג מיט קיילעכיקע גרויסע דענקעס אַזוי ווי ביי היטלען. אין פענצטער זע איך, אַז די בהמות יעסיפּס ווילן ניט גיין צום ברונעם. האַנאַ טרייבט זיי מיט אַ שטעקן, דרייען זיי מיט די קעפּ און זיי קריכן ביזן בויך אין שניי אַריין.

מיר האָט זיך עפּעס ניט געגלוסט עסן מיין מאָן. און ס׳מיר געווען קאַלט צו זיצן אײנער אַליין אין שטוב, האָב איך גענומען און בין אַרויפגעקראָכן צו אונדז אויפן אויוון.

אויפן אויוון זיינען דאָ זייער אַ סך שפּענצלעך גלייכע, האָב איך זיך געשפּילט אין ברונעמס און אין שטאַלן. איך האָב אויסגעבויט אַ סך שטאַלן מיט אַ סך ברונעמס. דערנאָך בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן אויפן אויוון, און לאַנאַ איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

דערנאָכדעם האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין אַראָפּגעפאַלן פון אונדזער קליינער סוכהלע אויף דער ערד. איך האָב זיך זייער דערשראָקן, נאָר צום סוף האָב איך זיך גאָרניט אָנגעשלאָגן. דערנאָך האָבן מיך דער טאַטע מיט דער מאַמע אויפגעוועקט און זיי פרעגן מיך וואו איז לאַנאַ.

— לאַנאַ, — זאָג איך צו דער מאַמען, — איך ווייס ניט אַוואו זי איז. זי איז, דאַכט זיך, אַוועק צום מילנער נאָך מילך.

האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט, האָט זיך אַ קרום געטאָן און איז אַוועקגעלאָפן צום טיר.

— זי גייט, — זאָגט זי, — שוין אין מיל אַריין.

האָב איך אָנגעטאָן אין דער גיך מיינע שטיוול מיט דער פאַלטאָ און בין אַוועקגעלאָפן נאָך דער מאַמען.

דער טאַטע האָט דערזען, אַז מיר זיינען ביידע אַוועק, האָט ער אויך אַוועקגעוואָרפן זיין ביסן פון האַנט, האָט פאַרלייגט אויפן טיר די קליאַמקע און איז אַוועק נאָך אונדז. און מיר גייען אַלע אין מיל אַריין. דער ווינט האָט

געשאָטן דעם שניי גלייך אונדז אין פּנים אַריין און אינדרויסן איז געווען אַזוי ווייס און אַזוי ראַב אַז מ׳האָט ניט געקאָנט האַלטן אָפן די אויגן.

אַז מיר זיינען אַריינגעקראָכן אין ערשטן גאָרטן, איז דאָרט קיין סטעזשקע ניטאָ, גייען מיר ביז די קני אין שניי און אַלע רגע שטעלן מיר זיך אָפּ, און מיר קוקן, ווי אַזוי זאָלן מיר דורכגיין די אָנגעשאָטענע בערג מיט שניי.

מיר איז געווען דער שניי ביזן בויך, האָט דער טאַטע מיך גענומען אויף די פּלייצעס און האָט געשריגן אויף מיר, וואָס איך פּלאָנטער זיך אומעטום פאַר די פיס. און אַז מיר זיינען געקומען אין מיל, האָט די מילנערין געבאַקן לאַטקעס און דער מילנער מיט די זין זיינען געזעסן און האָבן געגעסן.

די מילנערין האָט אונדז דערזען, האָט זי אונדז אָנגעקוקט, און זי זאָגט, אַז לאַנאַ איז ביי איר געווען נאָך ווייס־איך־ווען און זי האָט איר אָנגעגאָסן אַ קוואָרט מיט מילך.

און דערנאָך זאָגט זי, די מילנערין:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. איך ווייס טאַקע ניט, ווי אַזוי שיקט מען עס אַ קינד ביי אַזאַ מעטעליצע אין עק וועלט אַריין. אַז די מאַמע האָט דאָס דערהערט, איז זי געוואָרן זייער בלייך און האָט איר גאָרניט געענטפערט.

דער טאַטע איז אויך געוואָרן בלייך, האָט ער אָנגערוקט דאָס היטל איבער די אויערן, אים האָבן זיך, דאַכט זיך, געשטעלט טרערן אין האַלדז און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

— ריסל, לאָמיר דאָ ניט שטיין. מ׳דאַרף גיכער גיין ראַטעווען אַ נפש.

איך האָב דערהערט דעם טאַטנס קול, האָב איך געמאַכט אַ געוויין און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— מאַמע, גיכער, — האָב איך גענומען זי שלעפּן פאַר דער שאַל, — גיכער.

דער טאַטע האָט אַ כאַפּ געטאָן ביי דער מילנערקע אין הויז אַ לאָפּעטע און איז אַוועקגעלאָפן אַפריער.

דער מילנער אויף אונדז קוקנדיק האָט אַ שמיץ געטאָן די הייסע לאַטקע און ער האָט אויך געמאַכט אַ גוואַלד:

— יידן, שרייט ער, — קומט ראַטעווען אַ נפש!

דער מילנער האָט אַוועקגעשיקט די זין איבערן שליאַך, האָבן זיי אָנ־געטריבן אַ סך מענטשן מיט לאַנגע שמויסענע טולעפּער און מיט לאָפּעטעס און אַלע שרייען איינער צום אַנדערן:

— יידן, שטייט ניט, יידן, לאָמיר גיין ראַטעווען אַ נפש!

און דער מילנער האָט נאָך אַראָפּגענומען בײדע הינט פון די קייטן און איז אָנגעקומען צו אונדז אויפן גאָרטן. מיר גייען אום מיט די לאָפּעטעס און ווייסן ניט וואו צו אָנהויבן פריער שאַרן.

די ניוועקס זיינען אומעטום פאַרשאָטן מיט בערג שניי. וואו מ׳גיט אַ קוק מיטן אויג, איז אומעטום זייער ווייס און איך וויל ניט גלויבן, אַז לאַנגאַ האָט זיך ערגעץ אַנידערגעזעצט אין שניי און זיצט. וואָס וועט זי עפּעס זיצן אין שניי?...

דער שניי קערט זיך, די מאַמע וויינט און די מילנערקע ברעכט די הענט און די יידן מיט די לאַנגע פּאָלעס שרייען און זיי פרעגן:

— עפּעס אַ גרויס מיידעלע?

— וועמעס איז מיידעלע? האַ?

— וויפל איז זי אַלט?

— אַי, אַי, אַי.

און זיי וואָרפן מיט די לאַפּעטעס דעם שניי, דער מילנער מיט זיינע גרויסע שטיוול לויפט אום מיט די הינט און זיי שאַרן און שמעקן נאָר, האַווקען ווילן זיי ניט, זיי ריידן נאָר אינווייניק אין זיך.

ביי מיר זיינען זייער דערפרוירן געוואָרן די הענט מיט די פיס און די יידן שלעפּן די לאַנגע פּאָלעס פון שניי און שאַרן ווייטער.

דער מילנער זאָגט צום מיין טאַטן:

— פאָלגט מיך, ייד, — זאָגט ער, — איך זאָג אייך, אַז זי איז אַראָפּ פון דער סטעזשקע. זי קער ליגן ערגעץ אין כוואָסע אַ פאַרשאָטענע מיט שניי.

דערמאָן איך זיך אַז זומער איז טאַקע דאָ ביים זייט, לעם די פּלויטן, פאַראַן אַ גרויסע כוואָסע, און איצט איז ניטאָ קיין כוואָסע. ס׳זיינען נאָר דאָ בערג.

די יידן יאָדען די מאַמע און זיי פרעגן זי אויס:

— זי האָט כאָטשע געהאַט ביי דיר שטיוועלעך, האָט זי כאָטש געהאַט?

— דו האָסט איר כאָטש אויפגעניייט אַ בורנעסל, האָסטו איר אויפגעניייט?

די מאַמע שעמט זיך זייער פאַר די יידן, וויינט זי, און די מילנערקע ברעכט מיט די הענט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, — זאָגט זי, די מילנערקע, — ווער וואָלט זיך טאַקע ריכטן אויף אַזאַ גוט האַרץ (דאָס מיינט זי מיין מאַמען), אַז זי זאָל שיקן אַ קינד אין עק וועלט אַ נאַקעטע און באָרוועסע.

— אַ שלאַק האָט מיך אַ גרויסער איינגעשלאָגן — זאָגט שוין די מאַמע.

— זי איז ניט געגאַנגען קיין באָרוועסע, זי איז געגאַנגען אין מיין מאַנס שטיוולעטן. אַ צאָרן האָט מיך געטראָפן, — זאָגט ווייטער די מאַמע, — ס׳בייען זיך דאָך איר שטיוועלעך ביי הערשלען דעם געלן, שטיוועלעך שיינע, אַזוי ווי גאָלד.

דערווייל האָבן דעם מילנערס הינט גענומען בילן לעם סאַמע פּלויט אַנטקעגן וואָסקאָבאָינע. האָבן די זין דעם מילנערס זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין שאַרן און די יידן האָבן אַלע גענומען לויפן אַהינצו. מ׳לויפט און מ׳פאַלט,

מ׳לויפט און מ׳פּאַלט. דערוויילן האָט דער טאַטע אויסגעשאַרט אַ שקראַבאַטש אַן איינגעקאַטשעטן אין שניי, קוקט ער אויף אים און קוקט און דערקענט, אַז ס׳איז טאַקע זיינער אַן אַלטער שטיווילעט. האָבן שוין די יידן אָוועקגעוואָרפן די לאָפּעטעס און גענומען שאַרן מיט די הענט.

— ס׳זי, ס׳זי! — שרייט דער מילנער. און די יידן פרעגן נאָך:

— טאַקע? ווייזט נאָר אַ קוק טאָן!

דער מילנער האָט אַרויפגעכאַפּט לאַנגען צו זיך אויף די הענט; מיט איין שטיווילעט איז זי געגאַנגען, דאָס קריגל מיטן מילך האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין שניי אַריין.

און מען איז אַוועק.

ער לויפט מיט לאַנען צו אונדז אַהיים און אַלע יידן לויפן אים נאָך מיט די לאָפּעטעס.

— אין שטוב ניט! אין שטוב ניט! — שרייען די יידן. — אויף דער קעלט דאַרף מען, און מ׳האָט אויסגעטאָן פון לאַנען אַלע זאַכן, מ׳האָט זי אַנידערגעלייגט אין הויז אויפן טיש און זי געגומען רייבן מיט שניי.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך אָנגעלאָפן צו אונדז אין שטוב אַריין. הערשל דער גלעזער איז אומיסטן געקומען צולויפן מיט לאַנעס בייע צווי שטיווילעטיקלעך, וואָס זיינען שוין ביידע פּאַרטיק און אפילו אויסגעשמירט מיט דזשעגעכטס. און די טירן זיינען ביי אונדז אָפן ווי אין אַ שטאַל. אַלע שטופן זיך און קוקן אויף לאַנען ווי אַזוי מ׳האַלט זי אַ נאַקעטע אין אַזאַ קעלט און מ׳רייבט זי מיט שניי. אַ סך ווייבער פאָרען זיך דאָרטן און דער מילנער סטאַרעט זיך מער פון איטלעכן.

— נאָך שניי! — שרייען די ווייבער.

און דער מילנער שרייט:

— נאָך שניי גיט אַ הער! גזלנים, וואָס שטייט איר?!

— זי דערוואַרעמט זיך, — שרייען די ווייבער. און דער מילנער שרייט:

— ווי דען האָט איר געמיינט.

— ס׳זיינען שוין ביי איר לעבעדיקע הענט — שרייען די ווייבער, — גיט נאָך שניי.

און דער מילנער שרייט:

— ווייבער, רעדט ווינציקער, דערלאַנגט אַהער שניי!!!

מיין טאַטע שלעפּט מיט אַן עמער שניי און די מאַמע שטייט מיט אַלעמען און מונטערט לאַנען.

— מ׳לייגט צו אַ ביסל אַ האַנט, — שרייט דער מילנער, — אָט אַזוי.

— ס׳לעבעדיקע בלוט, — שרייען די ווייבער, — זי זאָל שוין טאַקע מער פון קיין שלעכטס ניט וויסן. זי איז שוין אינגאַנצן אַ לעבעדיקע, זי זאָל שוין נאָר עפענען די אויגן.

האָבן זיך אַלע, די גאַנצע שטאָט, אַ שפּאַר געטאָן צום טיש, אַ קוק טאָן ווי אַזוי לאַנאַ וועט באַלד עפענען די אויגן. איך האָב אויך געוואָלט זען, האָט מען מיך צוגעשטופּט צום סאַמע וואַנט, אַז איך זאָל ניט קענען אַרויס. האָב איך געמאַכט זייער אַ גרויסן געוויין, פּלוצים האָט לאַנאַ זיך אַ דריי געטאָן אויף זיך אַנידערזעצן, און זי זאָגט:

— וואו ווינט ער עס, פּערטשאַ??? און זי האָט צוריק פאַרמאַכט די אויגן. האָבן זיך אַלע זייער דערפרייט.

— פון טויט לעבן געבליבן — שרייען זיי. און דער מילנער האָט צענומען זיינע לאַנגע הענט און אָפּגעשטופּט אַלע יידן אויף צוריק — גענוג אייך גראַגערן דאָ, — זאָגט ער. און ער האָט אויסגעטאָן זיין פּעלץ און אַריינגענומען לאַנען אין פּעלץ אַריין און איז אַוועק מיט איר אין שטוב.

— ריסל! — האָט דער מילנער אויסגעשריען צו מיין מאַמע פאַרן אַוועקגאַנג. — נאָר אַ קוגל זאָלט איר מאַכן היינטיקן שבת, אַז ס׳זאָל טרישטשען.

— אוודאי וועלן מיר אַנידערשטעלן, אוודאי! — האָט די מאַמע באַ־דאַנקט די יידן.

און אויף דער נאַכט איז לאַנאַ געלעגן אין דער מאַמעס בעט אַזוי ווי אַ פּריצטע. מיר האָבן צוגערוקט דעם טיש נענטער און געגעסן לעם איר וועטשערע, און זי האָט אונדז דערציילט, אַז בסך־הכל האָט איר אפילו גאָר־ניט וויי געטאָן.

איר מיינט, — זאָגט זי, — ס׳האָט מיר עפּעס וויי געטאָן? ס׳האָט מיר גאָרניט וויי געטאָן. איך האָב געהאַלטן דאָס קריגעלע שטאַרק, איך זאָל ניט צעגיסן די מילך... — ניין, זאָגט זי, — פריער האָב איך אַריינגעלאָזן אין שניי דעם באַלעבאָס שטיוולעט און דערנאָך האָב איך זיך אַריינגערוקט אין כוואָסע אַריין... ניין, ניין ס׳ניט אַזוי — זאָגט זי שוין ווייטער — פריער איז מיר געוועזן זייער קאַלט און איך האָב ניט געזען איבערן ווינט די וועלט. ס׳זיינען מיר זייער פאַרגאַנגען שפּאַרעס אין די הענט און אין די פיס, האָב איך געוויינט. דערנאָך בין איך פאַרקראָכן זייער טיף אין שניי און ניט געקענט אַרויסשלעפּן דעם באַלעבאָס שטיוולעט, האָב איך זיך צוגעזעצט און בין אַ ביסעלע געזעסן. דערנאָך איז מיר געוואָרן גרינגער און גרינגער ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז נינאַ דעם גלחס שפּילט זיך מיט מיר. און ס׳שטעכט מיר אין די פיס און אין די זייטן, און מיינע שוועסטער יענטע מיט כאַשקען זיינען געקומען צו אונדז אַהיים אויף חנוכה, ס׳הייצט זיך ביי אונדז אין אויוון, און ס׳ברענען דעם גלחס לאָמפּן אַזוי ליכטיק, אַז ס׳אַ מחיה...

און אַז לאַנע איז געזונט געוואָרן, האָט איר שוין די מאַמע ניט געשיקט קיין ווייטע גאַנגען. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי איז שוין אונדזער מיידעלע. איך זאָל זי אויסלערנען שרייבן, וועט לאַנאַ גיין מיט מיר איבעראַיאָר אין

„שקאָלע״. פלעגט זי נאָר טאָן אין שטוב אַלצדינג און איך פלעג איר קויפן אַלע מאָל פאַר מיין געלט אַליוואַר *) און זי לערנען שרייבן.

איינמאָל, אַז איך בין געקומען פון שול, ווייזט מיר לאַנאַ, אַז זי האָט שוין אַליין פאַרשריבן אַ גאַנצע פערטל פּאַפּיר. לאַנאַ האָט געוואָלט איך זאָל איבערלייענען אין ער הויך יעדעס וואָרט, וועט זי הערן. האָב איך געלייענט:

וויַ אַזוי דער זומער מיטן ווינטער האָבן זיך געקריגט צווישן זיך זאָגט דער ווינטער צום זומער זומער־זומער וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע איצן די יאָרימעלייט וועלן דיר דיינע ביינער פאַרשמיצן
מאַכט דער זומער צוריק צום ווינטער ווינטער־ווינטער וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע קעלטן די יאָרימע לייט וועלן דיר דיינע ביינער פאַרשעלטן

און אַן עק.

*) כאַלוואַ.

# שכנים

די סטעזשקע דורכן גאָרטן פון טאַניעס שטוב צום אַלטן נאָטעס שטיבל איז געווען אויסגעטראָטן פון אַ סך יאָרן, און דעם גרעסטן חלק אין דער דאָזיקער סטעזשקע האָט געהאַט דאָס יונגע און שיין־צעוואַקסן מיידל אַנטאַנינע, אָדער טאַניע, ווי מען האָט זי גערופן.

דעם וועג צום אַלטן נאָטען אין שטיבל קען זי נאָך פון קינדוויין אָן. זי האָט דאָ געהאַט אַ חברל — אַ יינגל מיט שוואַרצע בלישטשענדיקע אויגן און שוואַרצע געדיכטע קוטשערן. דאָס איז דעם אַלטן נאָטעס איינציקל שמאי. די קינדער האָבן אים גערופן סיאָמקע. קינדווייז האָבן זיי צוזאַמען מיט נאָך קינדער זיך געשפּילט אין זאַמד אויף דער פּריזבע. דערנאָך זיינען זיי אין איין יאָר אָנגעקומען אין שול און האָב זי אי איין יאָר געענדיקט.

קיין סך גוטס האָט נאָטע אין זיין לעבן נישט געהאַט. דאָס ווייב איז אים יונגערהייט געשטאָרבן, און ס'איז אים עפּעס אַזוי־ווי נישט איינגעפאַלן אַרייג־פירן אין שטוב אַ צווייט ווייב. און דערנאָך איז ביי אים דער איינציקער זון אומגעקומען. ס'זיינען דאָן געווען פּעטליוראָווצעס אויף דער וועלט. די שנור האָט נאָך דאָס ערשטע יאָר אים צוגעוואָרפן דאָס פּיצל קינד, האָט חתונה געהאַט און איז אַוועק וואוינען אין אַ צווייט דאָרף אַריין.

דער אַלטער האָט אַליין זיך געניאַנטשעט מיטן איינוקל, ביז ער האָט אים געשטעלט אויף די פיס.

שמאי איז אָנגעקומען אין דער רויטער אַרמיי.

טאַניע האָט געלערנט אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שול ביי זיך אין ראַיאָן.

פון געוואוינטשאַפט פלעגט זי אויך איצט פון מאָל צו מאָל זיך אַריינ־כאַפּן צום אַלטן נאָטען אין שטיבל (אויב ער איז נישט געווען, האָט זי גע־וואוסט, וואו דער שליסל ליגט). זי פלעגט אַרומשמירן דעם אויוון, פאַרנעמען זיינס אַ פּאָרל וועש, אַ האַנטעך, אַ ציכל און דערנאָך האָט זי עס צוריק אַוועק־געלייגט אויפן ברעג פון בעט ריין און גלאַט צעקאַטשעט. און האָט זי אים געטראָפן אין שטוב, פלעגט זי זיך צוזעצן אויף אַ רגע און זיך נאָכפרעגן, ווי עס גייט אים אין קאָלווירט, צי שרייבט אים שמאי און וואָס שרייבט ער?...

טאַניע איז געווען פאַרנומען טאָג און נאַכט. מען דאַרף ענדיקן דאָס לערנען און ענדיקן נישט אַבי־ווי. און דאָ גלוסט זיך נאָך שפּילן אין דראַמ־קרייזל, זי ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר זי האָט עס זייער ליב. איצט האָט מען זי נאָך אויסגעקליבן פאַרן סעקרעטאַר פון זייער קאָמיוגישער גרופּע אין

טעכניקום. ווענן דעם האָט זי געשריבן שמאין, צווישן די איבעריקע נייעס פון דאָרף.

די מאַמע האָט איר קיינמאָל אויף דעם נישט געזאָגט נישט גוט, נישט שלעכט. אַ סימן, אַז די שכנים זיינען איר גראָדע געווען צום האַרצן.

און דאָ פּלוצים — די מלחמה. אין דאָרף זיינען אַריין די דייטשן.

צווישן אַלע דייטשישע העסלעכקייטן און אכזריות, וואָס די וואַזוניטשער דאָרפסלייט האָבן זיך אָנגעזען, מעג פאַררעכנט ווערן אויך דאָס אומפּאַרגעס־לעכע חוזק מאַכן און אכזריותדיקע בייזלוסטיקן זיך איבערן אַלטן נאָטען.

תחילת איז דורך די אויפגעפּראַלטע פענצטערלעך פון זיין אלמן־שטיבל געפלויגן דאָס אָרעמע שטוב־געשיר: כלים, קליידער, בעטגעוואַנט. דער־נאָך האָט זיך צעעפנט די טיר, ווי ביים אַרויסלאָזן אַ לוויה און צוויי בלאָנדע, צעהוליעטע דייטשוקעס מיט לויזלעכע ווייסלעכע פּנימער האָבן אַרויסגעפירט דעם אַלטן נאָטען. די הענט זיינען ביי אים געווען געבונדן אַהינטער און ביים קליינעם קרייזלדיקן, נאָך נישט אינגאַנצן גרוי־געוואָרענעם בערדל זיינען צוגעבונדן מיט דינע שטריקעלעך געהאַנגען צוויי קיילעכדיקע פאַרזשאַווערטע געוויכטלעך: אַן איינפונטיקס און אַ צווייפונטיקס. די געוויכטלעך האָבן מיט זייער אייזערנער האַרטקייט זיך טויב אָפּגעקלאַפּט איינס אָן דעם צווייטן, געצויגן ביים אַלטן דעם קאָפּ אַראָפּ און אים געריסן ביז בלוט די הויט איבער דער באָרד. און די דייטשלעך האָבן זיך געפּאַרעט פון ביידע זייטן. ווי פאַרשוויצטע מחותנים אויף אַ גאַר אָנגעלייגטער חתונה, האָבן זיי גע־פליעסקעט מיט די הענט און צוגעקנאַקט מיט די פינגער.

וואָס מער די דאָזיקע לייט האָבן געשעפּט נחת פון זייער סאַדיסטישער שפּיל, אַלץ מער איז געוואַקסן דער צער ביי די אַלט־איינגעזעסענע איינ־וואוינער, וואָס האָבן דאָס צוגעזען.

טאָניע, איידער זי איז אינגאַנצן אַוועק אין וואַלד, וואו ס׳זיינען שוין געווען היפּש משפּחות, האָט נאָך אויך באַוויזן צוצוזען, ווי אַזוי מען האָט דעם אַלטן נאָטען געמאַטערט. פאַר אירע אויגן איז די גאַנצע צייט געשטאַנען דאָס בילד, ווי מען האָט אַריינגעזעצט דעם אַלטן אין שטאַלעכל.

דאָס האָט זי די ערשטע פּאָר טעג אין איר נייעם וואוינאָרט נישט געלאָזט רוען אַזוי לאַנג, ביז זי האָט איינמאָל גענומען אַ דערלויבעניש זיך איבער־צוטאָן אין די קליידער פון אַ דייטשישן סאָלדאַט, וועלכן די פּאַרטיזאַנער האָבן אַוועקגעלייגט. די סאַמע נייטיקע דייטשישע ווערטער האָט זי געקענט נאָך פון שול. זי האָט מיטגענומען מיט זיך אַ האַלבע פלאַש בראָנפן. דער אָנגעלאָדענער רעוואָלווער איז געווען מיט איר כסדר די לעצטע צייט. חברים, וואָס האָבן זי געזען פאַרן אַוועקגיין, האָבן זי קיין זאַך נישט איבערגעפרעגט — מען האָט געוואוסט וואוהין זי גייט. זי האָט אַ פייף געטאָן צום הינטל, וואָס איז געלעגן שלעפעריק אויפן וואָגן, און זיי זיינען ביידע אַוועק.

די האַלבע, כלומרשט נישט דערטרונקענע פלאַש בראָנפן האָט איר גע־

דאַרפט פאַרבייטן דעם פאַראָל. אָט איז זי, צום ביישפיל, אַ יונג דייטשל און איז כלומרשט שיכורלעך און זינגט אונטער אַ פריילעך לידל. אויף אַזאַ אופן קאָן מען דורכקומען מיט דער וואַך, וואָס וועט זיך אויך נישט אָפזאָגן געבן אַ פאָר שלונג פון דער פלאַש. אין סאַמע דאָרף שוין האָט דאָס הינטל אָבער אָפגעקערעוועט פון וועג און איז אַוועקגעלאָפן צו די גערטנער. טאָניע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף אַ רגע, צי זי זאָל אים נאָכגיין, און באַשלאָסן אויף יאָ. איז זי אַוועק מיט דער סטערניע אין די קרויט־גערטנער. זי איז אַזוי דערגאַנגען ביז צום הויף פונעם געוועזענעם דאָרף־ראַט. אין די פאָדערשטע פענצטער פונעם דאָרף־ראַט איז געווען ליכטיקלעך, ווי דאָרט וואָלט זיך געלויכטן ערגעץ פונעם צווייטן צימער. פריילעך איז געווען מיט אַ צען הייזער ווייטער ביי סוראַכווימען דעם גביר אין דער שטוב. דאָרטן האָבן די דייטשן קענטיק געשיכורט, געהוליעט און געטאַנצט אויף זייער שטייגער. און דאָ, פון דער זייט פלויט, אינעווייניק, וואו דאָס הינטל האָט זי געפירט, האָט טאָניע דערזען אַזעלכעס, וואָס ס'וועט שוין אַ גאַנץ לעבן נישט אַוועקגיין פון פאַר איר בליק. יאָ, ס'איז זי, אָלגע, איר יונגע חברטע, אויך אַ שכנה, וואָס האָט זיך אַ צייט געקווענקלט צי גיין אין וואַלד צי נייַן. זי איז געלעגן אויף אַ בעט, האַלב נאַקעט. די הענט צעוואָרפן. זי איז אפשר נאָך נישט גוט פאַרקילט געוואָרן, אָבער מען האָט געקאָנט לייענען ווי אין אַ בוך, ווי אַזוי איבער אָט דעם יונגן בליענדיקן לייב האָבן זיך געהולעמעט די צעהוליעטע, צעווילדעוועטע אָפשטאַמלינגען פון דער דערהויבענער ראַסע. ביי טאָניען האָט אַלצדינג געשריגן אינווייניק. זי האָט איר אויסגעגלייכט די הענט, פאַרמאַכט די אויגן, צוגעדעקט די נאַקעטקייט מיט די רעשטלעך פון איר צעפליקטן אָנטאָן און איז שטיל אַוועק נאָך דעם, וואָס זי איז אַהער געקומען.

טאָניע האָט מיט ציטערנדיקע הענט אָפגעדרייט דאָס פאַרזשאַווערטע שלאַבעריקע שלעסל פונעם שטאַלעכל. איר האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעדאַכט, אַז די שטאַל איז אינגאַנצן ליידיק. נאָר באַלד האָט זי דערהערט אַ שטילן, טיפן קרעכץ און זי האָט אָפגעזוכט דעם אַלטן נאָטען, וואָס איז געווען צוגעבונדן מיט אַ קלאָטשעוואַטער שטריק צו דער שוואַרצער הילצערנער וואַנט.

— זיידענקע, — האָט אים טאָניע אַ שעפטשע געטאָן אין אויער, — דאָס בין איך, אַנטאָנינאַ, זאָלסט גיין רואיק אַהין אַראָפ צום צווינטער. איך וועל דיר נאָכגיין.

זי האָט אים אָפגעבונדן די הענט, באַפרייט די באָרד פון די געוויכטן און אַרויסגעפירט. זי איז נאָכגעגאַנגען הינטן מיט אַן אָנגעשטעלטן רעוואָל־ווער, פונקט ווי זי וואָלט געטריבן דעם אַלטן פאָרויס, אויף אים צו דער־ענדיקן.

רגעס האָבן זיך אויסגעצויגן פאַר אייביקייטן. נאָר ווי מאָדנע די זאַך

זאָל נישט אויסזען, זיינען זיי רואיק און אינגאַנצן אומגעשטערט אַרויס פון דאָרף.

דורך אַ זייטיק, ווינציק אָנגעזען שטעגעלע, זיינען זיי אַראָפּ אין טאָל אַריין. דאָרטן האָט טאָניע געגעבן דעם אַלטן נאָטען אַ לעק בראָנפן אויף באַנעצן די ליפּן און זיי זיינען אַוועק מיטן יאַר — אַהין, וואו נישט יעדער האָט געקאָנט און געמעגט וויסן דעם וועג.

איבערן דאָרף האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז דעם אַלטן נאָטען האָט אַ יונג דייטשל אַרויסגעפּירט צו די מאָהילקעס און אים דאָרטן דערשאָסן.

ביי זיי איז דווקא אַ מאָדע, אַז זיי לאָזן נישט אַ צייט באַערדיקן זייערע דערמאָרדעטע קרבנות. זאָלן די ערד און דער הימל, ווי אויך אַלע באַ־שעפענישן אויף דער ערד זיך שפּיגלען אין זייערע שיינע מעשים. נאָר דעם אַלטן האָט קענטיק אָפּגעגאָלטן. זיי האָבן אים ערגעץ טיף באַהאַלטן, ווייל מער האָט אים קיינער נישט געזען...

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט דאָס דאָרף מיט פרייד זיך דער־וואוסט, אַז דער אַלטער נאָטע לעבט און איז אינאיינעם מיט נאָך אַ פּאָר אַלטע לייט ביים „אָבאָז" פון דער פּאַרטיזאַנישער מחנה — — — — — —

איר זאָגט שכנים. פאַרשטייט זיך שכנים, אָבער אַזעלכע, וואָס קאָנען איינשטעלן דאָס אייגענע לעבן און גיין אויף מסירת נפש, דאָס איז שוין, אויב איר ווילט, אַ ביסעלע מער!

טאָניע טייערע! אַ געזונט אין דיינע אברים, און אַ גוט לעבן אויף דיר און אויף דיינע נאָענטע אומעטום, וואו דו ביסט!...

# מיין חבר לוקיאַן

.1

פאַרגעקומען איז עס אינגאַנצן אַ פּאָר יאָר פאַר דער אָקטיאַבער־רע־וואָלוציע.

איך בין געוואַקסן אין שטוב אין קינד, פלעגט מיר זיין אומעטיק. דער טאַטע פלעגט אויף גאַנצע האַלבע יאָרן אַוועקגיין אין דער בודע מאַכן טעפּ, און אַהיים פלעגט ער קומען נאָר אויף די אַלטע יום־טובים: אויף פסח און אויף סוכות.

איינמאָל איז ביי אונדז איינגעשטאַנען אויף קוואַרטיר לאַווריק, אַ פויער פונעם דאָרף בעהוני. בעהוני איז פינף ווערסט פון אונדזער שטעטל.

ניט געקוקט וואָס בעהוני איז אַ דאָרף פון וואָסערע פינף טויזנט איינ־וואוינער, איז דאָרט פאַר דער צאַרישער רעגירונג קיין איין שול ניט געווען. די צאַרישע רעגירונג האָט נאָר געטראַכט, ווי אַזוי בעסער צו פאַרקנעכטן דאָס פאָלק, צו באַעוולהן עס און צו בויען פאַר דעם וואָס מערער קלויסטערס און תפיסות.

אַ פויער, וואָס האָט, ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, פאָרט געוואָלט לערנען דאָס קינד, האָט ער עס געדאַרפט שיקן קיין סלאָוועשנע אין דער שטעטלשער צווייקלאַסיקער שול.

די־אַ קינדער פלעגט אויסקומען גיין אַלע טאָג פינף ווערסט אין שול און פינף ווערסט פון שול ביי אַלערליי וועטערן. האַרבסט־צייט — אין די גרעסטע בלאָטעס און רעגנס, ווינטער — אין די פרעסט, אין די זאַ־ווערוכעס מיט די מעטעליצעס, און פרילינג — אין די גרויסע כליופּן און צעגיסונגען.

בעלנים אויף אַזאַ לערנען זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען ווינציק. דאָך פלעגן וואָסערע צען־פופצן קינדער פון אַזאַ דאָרף גיין אַלע טאָג פון דאָרף אין דער שטעטלשער שול אַריין, אויסער זונטיקס און קלויסטער־יום־טובים־טעג, ווען זיי פלעגן קענען אַ ביסל אָפּרוען.

לוקיאַן, לאַווריקס זון, איז געווען איינער פון אָט די געציילטע חברה. ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר, און ער פלעגט טאָג אין טאָג לויפן אין זיינע פאַסטאָלעקלעך מיט די ווייסע אָניטשקעס, און דאָס לייוונטענע טאָרבעלע ביכער איז אים געווען איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל.

לאַווריק האָט געקענט באַנדערייַ, האָט ער געקראָגן אַ פּאַדריאַד מאַכן אין די שכנהשע האַרבאַרניעס גרויסע קיילעכדיקע ביטן אַזעלכע און זיי אָנציען מיט אייזערנע רייפן. דאָס איז געווען אַן אַרבעט אויף עטלעכע

חדשים. האָט ער זיך געדונגען ביי אונדז נאַכטלעגער, און עסן פלעגט מען אים געבן דאָרטן, וואו ער האָט געאַרבעט.

לאָורין האָט זייער שטאָלצירט מיט זיין זון, וואָס וועט ביי אים זיין, זאָגט ער, אַ געלערנטער.

— אָ, אָ! — מאַכט ער, — לוקיאַן? לוקיאַן, אַז ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער שוין אין קיין פּאַסטעלעס ניט גיין!...

און מיינען האָט ער געמיינט מיט דעם, אַז ער וועט קענען זיך באַשטעלן פאַר אַ שרייבער צום סטאַרשינאַ אין וואָלאַסט, אָדער ער וועט גאָר אַוועק פאַר אַ לערער אין אַ שול, און דאָס שטיקל ברויט וועט אים שוין אָנקומען אַ סך גרינגער, ווי ווען ער זאָל בלייבן אַ פּאַראָרעמטער פויער מיט זיין טאַטן באַגלייך.

די מאַמע האָט געוואוסט, אַז ס'מיר אומעטיק, האָט זי איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו לאָורינען, אַז טאָמער וואָלט געווען אַ זאַך, לוקיאַן זאָל ניט לויפן אַלע טאָג צו פינף ווערסט אַהין און צו פינף ווערסט צוריק. זאָל מען אים אין דער היים מיטגעבן אויף אַ גאַנצער וואָך עסן, און נעכטיקן וועט ער ביי אונדז. אַלע שבת, נאָך דער שול, וועט ער אַוועקגיין אויפן זונטאָגדיקן טאָג אַהיים, און מאָנטיק גאַנץ פרי צוריק אין שול.

לאָורין האָט זיך שטאַרק דערפרייט פון אַזאַ פּאַרשלאָג. ער האָט גענומען קראַצן מיט די פינגער זיין געלע שיטערע באָרד אונטערן הויכן גאָנערדיקן האַלדז. אַליין איז ער אויך געווען אַ הויכער, לאָורין, מיט געזונטע, ברייטע קנאָכנס.

— אָט־אָט־אָ — דאַ־אַברע־ע, — האָט ער נאָך אַ לאַנגן שמייכל און נאָך אַ לאַנגן קראַצן די באָרד געענטפערט.

און מיר האָבן באַקומען נאָך אַ קוואַרטיראַנט — לוקיאַנען, לאָורינס זון, אַ בחורל אין מיינע יאָרן, נאָר אויך אַ בלייכינקער און מיט בלויע צוויי צע־עפנטע אויגן, וועלכע באַקוקן מיט וואונדער אַלץ, וואָס זיי דערזעען.

פּאַמעלעכקע, פּאַמעלעכקע האָבן מיר זיך מיט לוקיאַנען באַקענט. איך האָב געלערנט אין חדר, און ער אין שול. ער פלעגט זיך באַפרייען, נאָך מיטאָג, און איך אין אָוונט. אָבער דאָך פלעגן מיר האָבן שעהן, ווען מיר פלעגן צוזאַמען פאַרברענגען, זיך שפּילן, דערציילן איינער דעם צווייטן מעשות, — באַוואונדערן איינס דעם צווייטן. מיר פלעגן אויך דערציילן איינס דעם צווייטן וואָס מיר האָבן געלערנט. ער האָט שוין ביי מיר גע־קענט דעם גאַנצן אלף־בית אויף אויסווייניק, און איך פלעג מיט אים איב־איינעם אָראָפּשרייבן זיינע אַריפמעטישע אויפגאַבעס (דעמאָלט האָט עס גע־הייסן — זיך לערנען חשבונען) און אויסלייענען פון זיינע רוסישע כרעס־טאָמאַטיעס שיינע דערציילונגען און לידער.

ס'איז דעמאָלט אַקוראַט געגאַנגען די גרויסע, די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מלחמה.

לאָזט זיך אויס, אַז לוקיאַן האָט בעסער געוואוסט, וואָס סע טוט זיך דאָרט אָפּ אויף דער מלחמה, איידער איך. ריכטיקער געזאָגט, ער האָט זיך קלאָרער פֿאַרגעשטעלט די שווידערלעכע בילדער און די גאַנצע קללה, וואָס די מלחמה טראָגט מיט זיך פֿאַרן אָרעמען האָרעפּאַשנעם מענטשן.

זיינע דערציילונגען פֿלעגן זיין צוגעמישט מיט קינדערשער פֿאַנטאַזיע און מיט אַבערגלויבן, אָבער איך פֿלעג זיך אַזוי אין זיי אַריינטאָן, אַז איך פֿלעג פֿאַרגעסן, וואָס פֿאַר אַ טאָג ס'איז הייַנט. איך פֿלעג פֿאַרגעסן, אין וואָס פֿאַר אַ שטאָט איך בין, און איך פֿלעג ניט געדענקען, וואָס איז איצט פֿון יענער זייט פֿענצטער — זומער צי ווינטער, פֿעלד צי גאַס.

איינמיטן בייטאָג פֿלעגט זיך מיר אַמאָל אויסדוכטן, אַז אָן־אָ, פֿון יענער זייט גאַנעק, זיינען די אָקאָפּעס, באַדעקטע מיט אַנגעגראָבענעם ראָזש, מיט ביימלעך, אַז ווי איך וועל נאָר אַרויסגיין פֿון טיר, וועל איך זיך פֿאַרטשעפּען פֿאַר די פּילפּאַכיקע באַפֿלעכטונגען פֿון שטעכיקן דראָט.

איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, ווי אַזוי אויף אַ ברייטן פֿאַרלאָזטן פֿעלד, פֿול מיט הרוגים, כאַפּט זיך אויף אַ געהרגעטער, וואָס ביי אים האָט אָפּגעריסן אַ פֿוס אין שלאַכט, און ניט געקוקט, וואָס ער איז אַ געהרגעטער, שפּרינגט ער דאָך אויף אויף זיין איין פֿוס, אַ באַגאָסענער מיט גרינער לבנה־שיין, און זוכט צווישן די הרוגים זיין אָפּגעריסענעם צווייטן פֿוס.

— דאָס קער זיין ניט אמת, — פֿאַרענדיקט מיר לוקיאַן די מעשה, — מענטשן דערציילן עס גלאַט אַזוי.

ווי ער רעדט מיר אויס, אַז דאָס קער זיין ניט אמת, און איך פֿיר איבער די אויגן צום פֿענצטער, ווערט מיר אַ חידוש, וואָס ס'איז ניט ביינאַכט, נאָר ס'גאָר בייטאָג. די שיין שווינדלט מיר אַזוי פֿרעמד אין די אויגן, און די זאַכן אין שטוב זיינען גאָר ניט פֿון קיין שטעכיקן דראָט און ניט פֿון קיין שלאַכט־פֿעלד, נאָר אַ פּראָסטער טיש מיט פּראָסטע בענקלעך. זיי קומען אויס אַזוי פֿרעמד, און אַלץ איז מיר אַזוי ווי איך וואָלט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף.

אַמאָל פֿלעגט מיר נאָך לוקיאַן געבן צו פֿאַרשטיין, אַז די מלחמה האָבן די פּריצים אויסגעקלערט. ניט נאָר אונדזערע פּריצים. די פּריצים פֿון אַלע לענדער און די קיסרים זייערע. וואָס איז? עס קאָסט דען זיי טייער מענטשן? פֿאַרן אָרעמען מענטשן מאָנט ביי זיי קיינער ניט איין. וואָס אַרט עס זיי? מ'וועט אויסהרגענען די, וועלן קומען אויף זייער אָרט אַנדערע. אָרעמע מענטשן זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט גענוג.

.2

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען עפּעס אַזוי ווי אין איין חודש צוגענומעןביידע טאַטעס אונדזערע און זיי אויך אַוועקגעטריבן אויף דער מלחמה.

מיין טאַטע איז געקומען פֿון דער בודע, פֿון די טעפּ, זיך געזעגענען מיט

אונדז. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל זינט מיר געדענקען, ער זאָל קומען אַהיים אַזוי אינמיטן יאָר, אין אַ וואָכעדיקער צייט. און לוקיאַנס טאַטע, לאַוורין האָט אויך איבערגעלאָזן די ביטן, מיטן פּאַדריאַד, מיט דער קוואַר־טיר, מיט דער היים.

איך מיט לוקיאַנען האָבן עפּעס אַ שטיקל צייט אויסגעזען ווי אַ פּאָר דערשראָקענע גאַנערלעך. מיר פלעגן אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע מיט פאַר־וואונדערטע, איבערגעשראָקענע אויגן. לוקיאַן האָט געזאָגט, אַז איך האָב אַ טעות, וואָס איך מיין, אַז אויב מען טרייבט אויף דער מלחמה, מוז מען גיין. ס'גאָר ניט קיין מוז. פּריצים איז פאַראַן ווינציק, און אַזעלכע מענטשן, ווי מיר, זיינען אַ סך. אָט־אָ גייען מיר אַלע אויף דער מלחמה, גאַנץ בעהוני, גאַנץ סלאָוועשנע, גאַנץ טכאַרין — אַלע דערפאַר אַרום ביז אָוורוטש.

די אָרעמע מענטשן ווילן דאָך ניט קיין מלחמה. די מלחמה ווילן נאָר די פּריצים און די רייכע. איז דען אַ גרויסער באַטרעף זיך אויסקערעווען מיט די ביקסן און מיט די שווערדן און צעהרגענען דאָס בינטל פּריצים מיט די פּריסטאַווס מיט די גלחים און אַלע איבעריקע?

— וואָס איז? פרעג איך לוקיאַנען. — די פּריצים שיקן דען אויף דער מלחמה? אויף דער מלחמה הייסט דאָך גיין דער קיסר!

— אַז דו פאַרשטייסט ניט, — ענטפערט מיר לוקיאַן, — ווער איז דען דער קיסר? ניט קיין פּריץ, ניט קיין גביר? אַז דער קיסר און די פּריצים און אַלע רייכע — דאָס איז דאָך איינס און דאָס זעלבע.

— פאַרוואָס־זשע טוט מען דאָס טאָקע ניט אויף?

— וואָס?

— אָט דאָס, וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט...

— אַ־אַ־אַ, פאַר דערפאַר... ס'זיינען נאָך דאָ אַ סך... אומפאַרשטענ־דיקע מענטשן, מענטשן, וואָס האָבן מורא. נאָר ס'גאָרניט, אין די גרויסע שטעט איז מען שוין פאַרשטאַנדיקער. אין די גרויסע שטעט זיינען דאָ אַרבעטער, אַזוי ווי דער מאַמעס ברודער, אַזוי ווי לוקיאַן. פאַר די אַרבעטער וועלן זיי זיך דערשרעקן אַ ביסל שטאַרקער, ווי פאַר אַזוי מענטשן...

דאָס, וואָס מען האָט ביידע טאַטעס אונדזערע צוגענומען אויף דער מלחמה, האָט מיר נאָך מערער פאַרבונדן מיט לוקיאַנען. איך האָב זיך מיט אים אַזוי אויפגעהברט, אַז די צוויי נעכט — פון שבת ביז איבער זונטיק, — וואָס ער פלעגט נעכטיקן אין דאָרף, פלעגן זיך מיר ציען און ציען. מאָנטיק גאַנץ פרי פלעג איך שוין שטיין אויפן שוועל און אַרויסקוקן אויף לוקיאַנען. ער פלעגט פריער פאַרלויפן צו אונדז אין שטוב, אָוועקלייגן דאָרט דאָס טאָרבעלע מיטן עסן און דערנאָך ערשט אַוועקגיין אין „שקאָלע" אַריין. איך פלעג שוין אויך צו יענער צייט זיין אָפּגעוואַשן און אָפּגעגעסן און נאָר מיט די ביכער אונטערן האַנט פלעג איך וואַרטן פון יענער זייט הויף. און אַבי

איך דערזע נאָר, ווי לוקיאַן לויפט שוין אַ פּאַרסאַפּעטער באַרג־אַרויף דורך דעם שכנהשן הויפל, בין איך שוין אין מיטריס געסל, און אין פופצן מינוט אַרום בין איך שוין אין חדר, און ער — אין שול.

.3

אויף אַ סך זאַכן בין איך מקנא געווען לוקיאַנען, און אַנדערע זאַכן זיינען לוקיאַנען געפעלן געווען בעסער ביי אונדז.

אים איז געפעלן געווען, וואָס ביי אונדז אין די שטעטלדיקע שטיבער פּירט מען זיך אַ ביסל ריין, וואָס מען שלאָפט אויף באַזונדערע געלעגערס, און מען עסט מיט באַזונדערע כלים. אין דאָרף, אינעם אַמאָליקן אַלטן דאָרף, האָט מען עס ניט געזען. דאָרטן פלעגן אַלע שלאָפן אויף איין פּאָל, עסן פון איין שיסל, די חזירים פלעגט מען אַריינלאָזן אין שטוב צו דער קאָרעטע...

איך אים האָב מקנא געווען דערויף, וואָס ביי זיי שטייען אין גאָרטן אונטערן סאַמע שטוב צוויי ווייִנשל־ביימער, וואָס לוקיאַן מיטן טאַטן מיט זיינעם קאָסען אַליין אָן היי פאָר דער בהמה, און דערנאָך, ווען ס׳ניטאָ קיין מלחמה, שלאָפט לוקיאַן מיט זיין טאַטן אין שטאַל אויף היי. זומער, ווען לוקיאַן איז פריי פון שול, פּאַשעט ער אַליין די בהמה זייערע.

אַט־אַט צעלאָזט מען די קינדער פון שול, וועט שוין לוקיאַן זיין אַ פרייער פויגל. ער וועט אַרומלויפן איבער די פעלדער, קלייבן סטרוטשע, רייסן ציאַצקעס, און איך וועל זיך נאָך דאַרפן טשאַדען אינעם דושנעם חדר מיט די איבעריקע יינגלעך באַגלייך.

לוקיאַן האָט מיך געוואָלט טרייסטן, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען ער וועט שוין זיין פריי פון שול, וועט ער קומען זומער אין אַ פרייטיק־בייטאָג, ווען מען לאָזט אונדז אָפּ פון חדר, און וועט מיך נעמען צו זיי אין דאָרף אַריין. דאָרטן, ביי זיי אין דער היים, וועל איך זיך קאָנען אויפשטעלן אויפן לייטערל לעם זייערע ביימער און רייסן ווייִנשל גלייך אין מויל אַריין, וויפל איך וועל אַליין וועלן. מען דאַרף זיך נאָר היטן, מען זאָל ניט צעברעכן קיין צווייגן.

איך האָב געוואָלט ביי לוקיאַנען אָן אַנדער זאַך. ביז דענסטמאָל וועלן זיך שוין אויספירן אַלע פייגעלעך, און קיין נעסטן מיט פייגלשע אייעלעך וועט שוין ניט זיין צו קריגן. און אין חדר האָב איך געזען ביי אַ יינגל צוויי פייגלשע אייעלעך, שייניניקע, ווי די גאַנצע וועלט, און די יינגלעך האָבן אים אַלע מקנא געווען. לוקיאַן האָט אַ קלער געטאָן און איז געבליבן שווייגן.

— נו? — פרעג איך אים שוין מיט אומגעדולד.

— ס׳ניט גוט, — ענטפערט מיר לוקיאַן, — באַראַבעווען די „מאַמע" און צונעמען פון איר אירע קינדער... ביי אונדז נעסטן זיך דווקא צוויי פייגעלעך איבערן סאַמע פענצטער, פון אויבן אינעם אייבערשטן ביישטידל. דאָרטן איז אויסגעדויבעט אַזאַ מין שיפיקל. זאָלסטו אָבער זען, ווי אַזוי זיי היטן זיך פאַר אַ פרעמד אויג און ווי אַזוי זיי ציטערן איבער די אייעלעך.

איך האָב עס דערהערט, האָב איך זיך ממש פאַרצאַפּלט.

— ביי איך אַליין האָט פון אויבן איבערן פענצטער אַ פייגעלע געלייגט אייעלעך פאַרוואָס ניט ביי אונדז?

— דערפאַר, — האָט לוקיאַן געשמייכלט, — וואָס דו וואָלסט ביי זיי אויסגעליידיקט די נעסט.

— יאָ, אויסגעליידיקט. אָט־אָ באַלד צעיאָג איך זיך זי אויסליידיקן. נו, זאָג, וואָס פאַר אַ פייגעלע איז עס? האָסט עס געזען? און די אייעלעך זיינען דאָרט אַ וועלכע? דו האָסט די אייעלעך אויך געזען?

— נו, יאָ, — האָט לוקיאַן געענטפערט און זיינע אויגן האָבן זיך שוין אויך אָנגעצונדן מיטן זעלבן פייערל, וואָס מיינע, — דאָס פייגעלע איז אַ לאָסטעווקע, מיט אַ לאַנגן ווידעלע און מיט שפּיציקע לענגלעכע פליגעלעך. דאָס הייסט, ניט איין פייגעלע זיצט ביי אונדז, נאָר צוויי. די נעסט האָבן זיי אויסגעקלעפּט מיט האַרטער בלאָטע, און אינעווייניק איז זי אויסגעבעט מיט ווייכן פוך. אייעלעך ליגן שוין דאָרט פיר, לענגלעכע, ווייסינקע, מיט אַ סך שפּרענקעלעך באַזעצט...

— אוי, ברענג...

— ווי אַזוי־זשע קען מען?

איך האָב שוין אויך פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז קרום און ס׳וועט זיין ניט גוט, אויב מירן זיך אַזוי באַגיין מיט די פייגעלעכס נעסט...

— אָבער איינס...

— לוקיאַנטשיקל, טייערער, כאָטש איינס!...

— אויף איינעם ווייניקער?

— נו, יאָ, לוקיאַנטשיקל, אויף איינעם ווייניקער.

— גוט.

4.

ביי לוקיאַנען זיינען געגאַנגען די עקזאַמענעס אין שול. ס׳איז שוין ביי אים געווען די סאַמע האַרבסטע וואָך פונעם גאַנצן יאָר לערנען. אַז אין דרויסן איז שוין אַזוי שיין און ס׳גלוסט זיך אין פעלד אַריין! און דאָ דאַרף מען חזרן אויף אויסווייניק וועגן גאָטס מאַמע, וועגן קיסרים און קיסריניעס און נאָך אַזעלכע זאַכן... אים אין דער אַמאָליקער שול איז געווען שווער צו לערנען, און אונדז איינעם חדר איז געווען נאָך שווערער. ביי אים, אויב מען האָט געלערנט וועגן „גאָטס מאַמע", האָט מען אָבער חוץ דעם אויך געלערנט אַריפמעטיק, געאָגראַפיע און נאַטורקענטעניש. מיך האָט מען פאַרקלאַפּט דעם קאָפּ מיט אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, אָט דערויף און מער אויף גאָרניט האָבן מיר די גאַנצע קינדהייט אויסגעגעבן, צוליב אָט דעם האָט מען אונדז קיילעכדיקע יאָרן פון פרי ביז נאַכט געשטיקט אין די חדרים.

שבת פאַרנאַכט האָב איך אַרויסבאַגלייט לוקיאַנען און אים נאָך אַמאָל דערמאָנט, ער זאָל ניט פאַרגעסן יענע זאַך... און איך וואַרט שוין.

מיר ציט זיך יעדע שעה, ווי אַ יאָר, און יעדער טאָג איז אַן אייביקייט. איך ווייס שוין, אַז איך וועל זונטיק אַקעגן מאָנטיק די גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צומאַכן. דער קאָפּ האָט מיר ווי געטאָן. אָבער אַנטשלאָפן ווערן האָב איך ניט געקענט. מיר שטעלט זיך אַלץ פאָר, אַז אָט־אָ גייט ער שוין, לוקיאַן, אָט האַלט ער אין טאַרבע צווישן די ביכער דאָס אייעלע, און ס׳קען זיך נאָך צעקוועטשן. ווידער דוכט זיך מיר, אַז ער שטעלט מיך אַנידער ביים ווייגשלבוים, און אַנשטאָט ווייגשל וואַקסן דאָרטן אייעלעך, פייגלשע אייעלעך, ווייסינקע, רויטינקע, מיט שפּרענקעלעך, אָן שפּרענקעלעך, און זיי שייגען אַזוי שיין קעגן דער זון. דערנאָך שטעלט זיך מיר פאָר, אַז ער טראָגט איןביידע הענט צוויי פייגעלעך, און יעדער פייגעלע האַלט אין שנאָבעלע אַן אייעלע פון מיינעטוועגן, זיי פרייען זיך אַלע אינדרייען און ווייזן מיר, ווי איינער מיינט: ווי באַלד דו ווילסט זיך שוין יאָ שפּילן, ווי אַ קליין קינד, איז מילא, טוען מיר דיר צוליב.

זומער הייבט אָן טאָגן פרי. ווי ס׳נאָר געוואָרן ליכטיק, בין איך שוין אומגעקראָכן איבערן הויף. די שכנה אינעם אונטערשטן קליידל האָט אַרויס־געטריבן די בהמה אויף דער פּאַשע, פרעגט זי מיך:

— וואָס איז אַזוי פרי, בונימל? אפשר דער בויך?

די מאַמע איז שוין אויך אויפגעשטאַנען, האָט זי מיך געטריבן, איך זאָל נאָך גיין שלאָפן. ס׳נאָך פרי, זאָגט זי, דער קאָפּ וועט דיר ווי טאָן! און זי וויל, איך זאָל נאָך גיין שלאָפן. זאָג איך איר, אַז שלאָפן וויל איך ניט. פרעגט זי, טאָמער וויל איך עסן, וואָס איך דריי זיך שוין אַזוי לאַנג אַרום. זאָג איך, אַז קיין עסן וויל איך אויך ניט.

אַזוי האָב איך קוים־קוים דערצויגן די שעה, ווען מען דאַרף שוין גיין אין חדר. איך האָב אויפגעפּאַקט מיינע ספרים, גענומען זיי אונטערן האַנט און בין אַרויס מיט אַ שמייכל אין הויף, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז אין דער־אָ מינוט, אַזוי ווי אויפן זייגער, באַגעגן איך זיך אַלע מאָנטיק אינדערפרי מיט לוקיאַנען.

איך וואַרט צו לעם ברונעם, וואַרט צו אַ ביסעלע לעם פאַרטקעלע פון הויף, איך קוק דורכן פאַרקאָן פון גאָרטן... ניין, ניטאָ! מ׳זאָל כאָטש ערגעץ אָנהייבן זען לוקיאַנען... אָן־אָ אויפן שליאַך פאָרט אַ פור אין פעלד אַריין. אויפן וואָגן זיצן אַ פויער מיט אַ פויערטע און צוויי פּיריאָריקע קינדער. אַ הינטל לויפט נאָך נאָכן וואָגן, אַ שוואַרצס, מיט אַן איבערגע־שלאָגן פיסל. מ׳זאָל כאָטש ערגעץ אָנהייבן זען לוקיאַנען!

איך האָב זיך צוגעשפּאַרט צום פּלויט און איך ווייס ניט, צי איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן, צי ניין.

— — — — — — — — — — — — —

— זע נאַר, ביסט נאָך ניט אַוועק אין חדר? — האָב איך דערהערט דער מאַמעס קול.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און זיך אי פאַרשעמט, אי דערשראָקן.

— און... לוקיאַן?... נאָך ניטאָ? — פרעג איך, און דאָס האַרץ האָט ביי מיר מיטאַמאָל אָנגעהויבן קלאַפּן, אַז אָט־אָט שפּרינגט עס, דאַכט זיך, אַרויס.

ניטאָ, ניט געקומען איבער עפּעס לוקיאַן...

ס׳איז נאָך מיט אים קיינמאָל ניט געוועזן אַזעלכעס, ער זאָל מאַנטיק ניט קומען אין שול.

איך בין אַוועק דורך מיטריס געסל אין חדר אַריין. איך פיל, אַז סע שפּעט, און איך ווייס, אַז דער רבי וועט מיך נעמען איבערפרעגן, פאַרוואָס איך האָב אַזוי פאַרשפּעטיקט. די ייִנגלעך וועלן זיך נעמען איבערקוקן איינס מיטן צווייטן, וועל איך זיך צעוויינען. איך וועל ניט אויסהאַלטן און וועל זיך צעוויינען אויפן אָרט...

דערווייל קומט מיר אַנטקעגן שרה די פּאַטשטאַליאַניכע. ביי איר איז אַ יאַדישלעווער קול, און זי איז שוין אַן אַלטע. איר מאַן, דער אַלטער שמערע, איז שוין אויך געווען אַן אַלטער. נאָר פּאַר אַ פּאַטשטאַליאָן האָט ער נאָך געטויגט. פון וועלעדניק פלעגט איציק דער בעל־עגלה ברענגען צו פירן די פּאָטשט אין שטאָט אַריין. די אַלגעמיינע בריוו פירט ער צו אין וואָלאָסט אַריין, און די יידישע — צו שמערען דעם אַלטן. נאָר אַז שמערע איז גע־שטאָרבן פאַראַיאָרן זומער, איז שוין שרה געבליבן פּאַטשטאַליאַנעכע. זי איז שוין גאָר אַן אַלטע, אַ קלייניקע און אַ יאַדישלעווע. צעטראָגט זי די בריוו נאָר אין די קלייטן, און די איבעריקע, צו וועמען ס׳איז דאָ אַ בריוו, וואַרטן, ביז זי וועט זיי ערגעץ באַגעגענען.

איך בין געגאַנגען אַזאַ אומעטיקער מיטן פּאַק ספרים אונטער דער האַנט. ס׳איז פּונקט געווען אַזאַ שעה, וואָס גיין פון חדר איז נאָך צו פרי, און גיין אין חדר איז שוין צו שפּעט.

— הער נאָר, — רופט זי זיך אָן מיט איר יאַדישלעווען קול, — ייִנגעלע, ווי אַזוי רופט מען דיך?

— בונים.

— ביסט ניט דער ווערפּואווקעס?

— יאָ.

— טאָ לויף צו, מיין טייערינקער, אַהיים צו מיר, וועסטו אָפּנעמען אייערע בריוו... זיי ליגן שוין און ליגן. איך האָב ניט פּאַר דיר געדאַכט, קיין כוח ניט צו גיין אַזוי וויט.

פון דער־אָ אומגעריכטער נייס איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן פריילעכער, און איך בין אַוועק מיט שמערעלעכן צו איר אַהיים.

ביי שמערעלעכן אין שטוב, וואָס פון דרויסן ווייזט זי אויס אַ גרויסע,

און אַז מען גייט אַריין, איז דאָרטן נאָר איין חדר. מיט אַ גרויסער טונקעלער הויז פון פּאָרנט.

— גיי נאָר, מיכליע, ווייז וואו ליגן דאָרט זיינע בריוו.

מיכליע איז ביי זיי אַ דינע טאָכטער מיט אַ שיינער ווייסער הויט אויפן פּנים. איר מאַן איז אויף מלחמה נאָך פון סאַמע אָנהייב אָן. זי האָט נאָך אפילו ניט קיין איין קינד, און זי כאַפּט גיך דעם אָטעם, ווייל זי איז אַ שלאַפע. אַז מיר זיינען אַריין, איז מיכליע אַראָפּגעקראָכן פון דער צוואָרפענער בעט מיט בעטגעוואַנט.

— ס׳אי דער ווערפואווקעס? — טוט זי אַ פרעג איר מאַמען מיט אַ פאַרסאָפּעט קול. זי איז דווקא אַ שיינע, אַ הויכע, ווי דער טאַטע אירער, נאָר דאָס קול איז ביי איר כסדר אַ פאַרסאָפּעטס. און זי נעמט אַראָפּ פון ווינקל־שאַפע (אַ שיינע ווינקל־שאַפע ביי זיי, זי איז אַרומגעהאַנגען מיט אויסגע־שניטענע פּאַפירן, דאָרטן שטייען זייערע שבתדיקע לייכטער, אַ פּאָר גלעזער מיט שאָלן און אַ פּאָר סידורים) אַ גראָבן סידור. אינעם סידור זיינען געלעגן עטלעכע בריוו, פּאָוועסטקעס, פערעוואָדן און קאָרטעס פון אַמעריקע.

— אָט דאָס זיינען, דאַכט זיך דיינע, קענסט איבערלייענען? — און זי האָט מיר געגעבן צוויי בריוו מיט אַ קאָרטל, באַשטעמפּלטע מיט אַ סך שטעמפּלען.

איך האָב איבערגעלייענט, ס׳זיינען געווען דעם טאַטנס בריוו פון דער מלחמה:

„מיסטעטשקאָ סלאָוועטשניאַ, וואָלינסקאַיע גובערניאַ, אָוורוטשעסקאַי אויעזד, גאָספּאָדינו ראוווינו קאָסאָגאָר״.

— אַכט קאָפּיקעס, — האָט זיך שמערעלעכע אָנגערופן. זי איז בעת מעשה געזעסן ביי דער זייט אויף אַ באַנק, מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען ניט ביי זיך אין שטוב, — אַכט קאָפּיקעס, — מאַכט זי, — אַ בריוו — דריי קאָפּיקעס, אַ קאָרטל — צוויי.

איך האָב איבערגעלאָזן מיינע ספרים און בין אַוועקגעלאָפן צו דער מאַמען נאָך די אַכט קאָפּיקעס.

זינט איך געדענק, איז עס אפשר דאָס ערשטע מאָל, אַז מיר באַקומען בריוו. אַז מען האָט צוגענומען דעם טאַטן אויף דער מלחמה, איז שוין דאָ ווער ס׳זאָל אונדז שרייבן בריוו. נאָר אַ מין נאָר ער איז, דער טאַטע! ער שיקט די בריוו צו אונדז און שרייבט זיין אייגענעם נאָמען — ראובן קאָסאָגאָר! ער וואָלט געדאַרפט שרייבן „ליבע אי בונימו קאָסאָגאָר״, נאָר ביי אים קומט אויס, אַז ווי באַלד די בריוו גייען צו אים אַהיים, איז ער דער באַלעבאָס.

צוויי בריוו מיט אַ קאָרטל... אַכט קאָפּיקעס...

פאַרוואָס האָבן זיך עס מיטאַמאָל אָנגעקליבן צוויי בריוו מיט אַ קאָרטל? די מאַמע איז געוואָרן בייז אויף דער אַלטער שמערעלעכע. אויף די בריוו

האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן, די מאַמע, אַזוי ווי אַ דאָרשטיקער אויף אַ טרונק וואַסער. זי זאָגט:

— דאָ קריכן מיר אַרויס די אויגן פון קאָפּ, טאָמער עפּעס אַ ידיעה, ער איז, נעבעך, אַזוי וויט פאַרטריבן געוואָרן פון אונדז, און דאָ ליגן ביי איר די קאַרטלעך מיט די בריוו וואָכנווייז און רוען זיך אויס... נישקשה, ווען דער זעלבער בריוו איז צו אַ גביר, וואָלט ער ביי איר קיין איבעריקע רגע ניט געלעגן... און די כריפּליווע טאָכטער זייערע, איז דאָס אַזוי די גוטסקייט אירע? וואָס מ׳קוקט זיך דאָ אויס די אויגן, און זי דערמאָנט זיך אין אַ יאָר אַרום!

— מאַמע, — ענטפער איך און שטעל זיך שוין איין פאַר מיכליען, וואָס רעדט כסדר, ווי אַ פאַרסאָפּעטע, וואָס ביי איר איז אַזאַ שיינע, ווייסע הויט אויפן פּנים. — מאַמע, זאָג איך, זיי קערן נישט וויסן אונדזער פאַמיליע. אַז מען רופט אונדז גאָר איבער דער שטאָט די ווערפּואוועס, מיר האָבן דען באַקומען אַמאָל פון עמעצן בריוו?

דערנאָך דערמאָן איך זיך, אַז מענטשן, וואָס ביי זיי איז עמעצער אויף דער מלחמה, סיי די היגע, סיי די דאָרפישע, גייען אַליין אַלע טאָג אין וואָלאָסט אַריין פרעגן, אַזוי ווי לוקיאַן, וואָס נעמט אָפּ אַלעמאָל זיין טאַטנס בריוו.

כ׳האָב זיך דערמאָנט דעם נאָמען לוקיאַן, האָט עס מיר געגעבן אַ זעץ ווי מיט אַ בולאַווע איבערן קאָפּ...

— מאַמע, ניט געוועזן נאָך לוקיאַן? — פרעג איך איבעראַנגייס.

— יאָ, — ענטפערט מיר די מאַמע אַ פאַרטראָגענע, — איך ווייס טאַקע ניט, וואָס איז די מעשה, וואָס ער איז נאָך ניטאָ.

אַ טאָג — אַ יאָר אײנער.

אַ טאָג — אַ יאָר דער צווייטער.

אַ טאָג — אַ יאָר דער דריטער.

און ניטאָ לוקיאַן. אפשר איז ער, קריכנדיק צו דער נעסט, אַראָפּגעפאַלן און זיך דערהרגעט? אפשר האָט אים די „מאַמע", דאָס פייגעלע, אַ פּיק געטאָן אין אויג? אפשר... וואָס אפשר? וואָס הייסט, ער קומט ניט אַזוי לאַנג, אַז אין שול איז די לעצטע וואָך און ס׳גייען שוין די עקזאַמענעס?

אויפן פערטן טאָג איז לוקיאַן געקומען אַ צעהרגעטער, אַ פאַרענדערטער, אונטערן רעכטן אויג — אַ שוואַרצער סימן, פון דער איבערשטער ליפּ איבער דער באַק ביזן סאַמע האַלדז־און־נאַקן — אַ רויט פאַרלאָפענער שלאַנג פון אַן אַראַפּניק אָדער פון וואָס. ער איז סיי־ווי ניט געווען קיין געזונטער, לוקיאַן, און איצט איז ער שוין גאָר הויט און ביין. זיינע בלויע אויגן, וואָס זיינען שטענדיק געווען גוט, ווי די גאַנצע וועלט, קוקן איצט ניט אויף קיין מענטשן, און ווען ער הייבט זיי אויף, זיינען זיי פול מיט שטעכיקער בייזקייט. ברענגען האָט ער מיט זיך גאָרניט ניט געבראַכט, אויסער די ביכער און זיין

כסדרדיק טאָרבעלע, וואָס איז געווען אויסגעשמירט און פאַררויכערט. אפשר אַ שרפה? אפשר האָט ביי זיי געברענט די שטוב?...

— לוקיאַן, וואָס איז די מעשה? — האָב איך זיך איינגעשטעלט און אַ פרעג געטאָן.

אָבער לוקיאַן האָט פאַרדראָסיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. און מיר זיינען זיך ווידער צעגאַנגען: איך אין חדר אַריין, ער — אין שול.

## .5

וואָס־זשע איז טאַקע פאַרט פאַרגעקומען מיט לוקיאַנען?

ס'איז פאַרגעקומען מיט אים, און ניט נאָר מיט אים אַליין, זייער אַ אַ שרעקלעכע זאַך, וואָס נאָר די צאַרישע רעגירונג איז פייאיק געווען אָפּ־צוטאָן.

דער גוטבאַזיצער זעלענסקי האָט געהאַט צו שאַפן איבער אַן אַ שיעור מאַיאָנטקעס. זיין הערשאַפט האָט זיך בעתן צאַרישן רעזשים צעשפּרייט איבער אַן אַ שיעור ערד, איבער שטעטלעך און דערפער. דער זעלבער זעלענסקי האָט אויך געהאַט צו שאַפן איבער סלאָוועשנע מיט עטלעכע דער־פער אַרום. אין פּריצישן הויף אין סלאָוועשנע איז געזעסן אַלס „אופּראַוו־ליאַיושטשי" פון זעלענסקיס האַנט איינער זייער אַ ביטערער מענטש מיט אַ גאַנץ פּאַסיקן נאָמען — סווינטעצקי.

איצט ווייטער:

אין בעהוני איז פאַר דעם עק דאָרף, וואו לאַוורינס שטוב איז געשטאַנען, געגאַנגען אַ לאַדעניש. דער פּריץ האָט געהאַלטן, אַז די ערד אויף דעם אָרט איז זיינע, און די פּויערים וואָס וואוינען דאָרט, דאַרפן אים צאָלן ראַטע. די פּויערים האָבן געטענהט, אַז נאָך דאַן, בשעת מען האָט זייערע זיידעס „באַפרייט" פון לייב־איגנטום, האָבן זיי ביים אַלטן פּריץ, ביים דידיטש, אָפּ־געקויפט אָט דאָס שטיק ערד, קיין פּאַפּירן האָבן זיי ניט אַרויסגענומען, ווייל ער איז געווען אַ משוגענער דער דידיטש, אַ האַנאַריסטער, און די טאַטעס מיט די זיידעס האָבן אים דאַן געמוזט גלויבן אויפן וואָרט. ביי לוקיאַנען לעבט נאָך אַ בלינדער זיידע, אַן אַלטער פון 98 יאָר. דערציילט ער, וואָרט ביי וואָרט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך די ערשטע אויסגעבויט אויף דעם־אָ ווינקל, פינף ברידער זיינען זיי געווען: ניקיפאָר, סטעפאַן, סידאָר, פאַנקראַט און ער. האָראָביי איז געווען די פאַמיליע זייערע. איצט איז דער גאַנצער ווינקל פאַרזעצט מיט האָראָבייען. דערפאַר הייסט טאַקע אָט דער ווינקל דאָרף די האָראָבצעס. איצט שטייען שוין דאָ אַ 70 הויפן: שטיבער מיט שטאַלן און טויקן. די לאַדעניש ציט זיך שוין פון צענדליקער יאָרן. אָט די אַלטע לייט, וואָס מען פלעגט שלעפּן יאָר איין יאָר פאַר עדות צום קרייז־געריכט, זיינען שוין אַלע אויסגעשטאָרבן. אָט לעבט נאָך איין מיקאָלע האָראָביי, איז ער שוין טויב און בלינד און טויג שוין ניט צו גאָרניט.

אַלע מאָל פלעגט דער געריכט אָפּזאָגן דעם פּריץ, ווייל אפילו דער צאַרישער געריכט האָט ניט געקענט איינגיין אויף אַזאַ אומרעכט. שוין זעכציק יאָר, אַז מענטשן וואוינען אויף ערד, און מיט אַזויפיל עדות און באַוויזן, אַז די ערד איז זייערע — זאָל מען זי איצט אומקערן צוריק דעם פּריץ? אָבער דער פּריץ האָט מיט זיין געלט און מיט זיינע באַקאַנטשאַפטן סוף־כל־סוף געפּועלטביים געריכט, וואָס ער האָט געוואָלט. די עדות זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן, און פּונקט איצט, ווען מען האָט אַ סך פּויערים, די באַלע־באַטים פון די דאָזיקע ווירטשאַפטן, אָוועקגעטריבן אויף דער מלחמה, זיי זאָלן אומזיסט און אומנישט פאַרגיסן זייער בלוט, פּונקט איצט האָט סוויב־טעצקי — זעלענסקיס רעכטע האַנט — אַרויסגעקריגן אַ פּאַפּיר מיט אַ דערלויבעניש אַראָפּצוואַרפן אָט די זעכציק־זיבעציק הייזער מיט די טויקן, מיט די שטאַלן, חרוב מאַכן אַזויפיל פּרעמדע האָרעוואַניע, און די פּויערשע פאַמיליעס זאָלן זיך גיין מיט זייער כודאָבע און מיט זייער ביסל זליבעדע, וואוהין די אויגן וועלן זיי טראָגן.

אָט דאָס איז אינגאַנצן די מעשה.

אין יענעם שבת פאַרנאַכט גייט זיך לוקיאַן מיט נאָך אַ פּאָר דאָרפישע שילער אַהיים, ער פרייט זיך מיט די פעלדער, וואָס גייען אויף, מיט דיביימער, וואָס זיינען גרינג און יונג באַבלעטערט, מיט די פייגעלעך, וואָס זינגען, מיט די צאַצקעס, וואָס בליען.

פּלוצעם דערהערן די קינדער הינטער זיך אַ טופּעריי פון פערדישע טלאָען. זיי קוקן זיך אום און דערזעען אַז ס'פאָרט ביי אַ מאה רייטער אויף געזונטע אויסגעפּאַשעטע פערד. תחילת האָבן זיי אַ קלער געטאָן, אַז טאָמער פון דער מלחמה פאָרט ערגעץ אַן אָטריאַד. אָבער די מלחמה איז דאָך צו ווייט, אַז מען זאָל זיך אַהער קענען דערלאַנגען. זיי קוקן זיך בעסער צו, דערזעען זיי, אַז פון פאָרנט פאָרט סווינטעצקי אויף אַ ווייסן פערד, אַליין אָנגעטאָן אין ווייסן מיט אַ שטרויענעם צוויי־דאַשקענעם היטל אויפן קאָפּ. ביי די קינדער האָט זיך באַלד אָפּגעריסן אין האַרצן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט.

די מחנה רייטער האָבן גיך אָנגעיאָגט און איבערגעיאָגט די קינדער.

די קינדער האָבן שוין מער ניט געזען, ווי דעם וואָלקן שטויב, וואָס די פערד האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזן. דערנאָך האָבן זיי שוין דאָס אויך ניט געזען, אויסער דאָס געוויינלעכע בילד פון די פרילינגדיקע גרינע פעלדער איבער ביידע זייטן שליאַך. אָבער אויך אָט דאָס שיינע בילד איז פאַר לוקיאַנען פינצטער געוואָרן איבערן קיסרס משרתים, וואָס זיינען נאָרוואָס דורכגעפאָרן. זינט ער קען זיי, האָט ער זיי פיינט געהאַט ווי דעם טויט. באַזונדערס איצט, ווען דאָס האַרץ האָט אים אָנגעזאָגט זייער טרויעריקע זאַכן.

די קינדער האָבן פאַרגיכערט דעם גאַנג. זיי זיינען געלאָפן פאַרסאָפּעטע

און פֿאַר אַ האַלבער שעה אַן־ערך דורכגעמאַכט דעם וועג, וואָס געווערט ביי זיי כסדר מער ווי אַ שעה. אָבער שוין אין עק דאַרף האָבן זיך צו זיי דער־טראָגן ווייבערשע און קינדערשע געוויינען. געוויינען און געשרייען, ווי אַמאָל, ווען ס׳ברעכט אויס אינמיטן דער נאַכט אַ שרפה.

אַז לוקיאַן איז געקומען צו לויפן אויף די האַראַבצעס, האָט ער דערהערט, אויסער די געשרייען אַ קלאַפּעריי מיט אַ האַקעריי און האָט דערזען אַ גרויסן אויפגעלויף מיט אַ גרויסן בייזוואונדער. די סטראַזשניקעס האָבן זיך צע־שאָטן גרופּעסווייז איבער די הויפן. זיי האַקן די דעכער, די ווענט, צע־וואַרפן די שטאַלן, טאַפּטשען און ברעכן די געוויקסן אַרום די שטיבער.

אין אַ סך הייזער זיינען די באַלעבאַטים ניטאָ אין דער היים. אין שטוב האָבן די סטראַזשניקעס געטראָפן נאָר קליינע קינדער און אַלטע לייט.

אויך ביי לוקיאַנען האָבן זיי געטראָפן נאָר די קליינע קינדער און דעם בלינדן זיידן. דער טאַטע איז געווען דאָרט, וואו נאָך אַ סך טאַטעס זיינען געווען אין דער צייט — אויף דער מלחמה. די מאַמע איז נאָך ניט געקומען פון פעלד.

און די „געטרייע באַלעבאַטים" האָבן אַרויסגעפירט פון שטוב די וויינע־דיקע קינדער מיטן בלינדן זיידן, האָבן זיי אָפּגעלאָזן אויפן שליאַך צווישן די פערד. די זאַכן פון שטוב האָבן זיי אויף גיך אַרויסגעוואָרפן און האָבן גע־נומען האַקן און בראַקן אַלץ, ס׳זאָל ניט זיין קיין שטוב, ס׳זאָל ניט זיין קיין שטאַל, ס׳זאָל ניט זיין קיין בוים און קיין גאָרטן... גאָרניט זאָל ניט זיין...

די מאַמע לוקיאַנס איז געקומען צו לויפן פון פעלד מיטן קויש קריי־טעכצער אויף דער פּלייצע און מיטן ליידיקן הלעטשיקל אין האַנט. זי האָט דערזען אָט די בהלה, האָט זי גענומען פאַלן זיי צו די פיס, קושן זיי און וויינען. נאָר אומעטום כאַפּט זי אַ קלאַפּ, אומעטום — אַ שטופּ. די אויערן ביי די סטראַזשניקעס זיינען פאַרלייגט מיט טעמפּער אכזריות. קיינער זעט זי ניט, קיינער הערט זי ניט, קיינער דאַרף זי ניט. דערווייל האָט זי דערזען דעם אדון, דעם סווינטעצקין אַליין, אינעם וויסן קאָסטיום, אינעם שטרויענעם הוט מיט די צווי דאַשעקעס, ווי אַזוי ער איז געזעסן אויפן פערד און אָפּ־געגעבן באַפעלן.

אַרום אים זיינען שוין געלעגן ביי די פערדס פיס עטלעכע הייזעריקע פויערטעס, וואָס האָבן געוויינט, האָבן געפּליקט אויף זיך די לייבער. לוקיאַנס מאַמע האָט זיך אויך אַהין אַ וואָרף געטאָן, האָט אָנגעכאַפּט סווינטעצקיס שטיוול און איז גענומען באַוואַשן מיט געשרייען און געוויינען.

— האָב רחמנות, — שרייט זי, — האַר געטרייער, אויף מיינע קליינע קינדער!... דעם מאַן האָט איר דאָך שוין אַוועקגעטריבן אויף דער שחיטה, און מיך לאָזט איר דאָ הי...

זי האָט ניט באַוויזן אויסרעדן, און דער פריץ האָט איר דערלאַנגט אַ זעץ מיטן שטיוול איבערן מויל.

זי איז תּיכּף אומגעפֿאַלן, און אירע ליפּן זיינען געוואָרן באַגלייזט מיט רויטער פֿייכטקייט.

לוקיאַן, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ווי אַ געפּלעפּטער, האָט זיך פּלוצעם דורכגעריסן דורכן עולם. איבער די געבויגענע וויינענדיקע פּלייצעס איז ער פֿלינק, ווי דורך טרעפּ, אַרויפֿגעפֿלויגן אויפֿן פּערדס רוקן און — גלייך צום פּריץ אויף די הענט. ער האָט אים פֿלינק אַרומגענומען, אַזוי ווי מען נעמט אַרום אַ געטרייען מענטשן, און זיך איינגעביסן מיט זיינע שאַרפֿע ציינדלעך יענעם גלייך אין האַלדז אַריין. דער פּריץ האָט מיט אימפּעט געגעבן אַ ריס פֿון זיך דאָס יינגל, אָבער פֿייל־אויסן־בויגן האָט זיך דאָס יינגל אים איינגעביסן אין האַנט אַריין און איז געבליבן הענגען.

דער צעיושעטער פּריץ איז צעטומלט געוואָרן. פֿאַר שרעק האָט ער אַפֿילו שרייען ניט געקאָנט. ער האָט נאָר גענומען פּאַכען מיט דער פֿרייער האַנט און אַרויסגעלאָזן אַ משונהדיקן קוויטש. אַ פּאָר סטראַזשניקעס זיינען תּיכּף אָנגעלאָפֿן אויף די פּערד און מיט קאַנטשיקעס גענומען שלאָגן דאָס קינד, וואוהין נאָר זיי האָבן געטראָפֿן. דאָס קינד האָט זיך געדרייט, ווי אַ וויון אונטערן מעסער, נאָר אָפּלאָזן האָט ער עפּעס אַזוי ווי אַליין ניט געקענט, ביז איין אַראָפּניק האָט אים דערלאַנגט, לוקיאַנען, איבערן האַלדז־און־נאַקן און פֿאַרכאַפּט אַ שטיק באַק מיט דער איבערשטער ליפּ. דאָ האָט לוקיאַן פֿאַרלאָרן דאָס רעשט ביסל באַוואוסטזיין און איז אַראָפּגעפֿאַלן. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן, ווי אַ טויטע בין, וואָס מען רייסט דערשראָקן אָפּ פֿון דעם אָרט אויפֿן לייב, וואו זי האָט איינגעביסן.

די פֿויערים מיט די פֿויערטעס, אָנגעשטרענגטע ביז גאָר, אַז זיי האָבן דערזען, וואָס מען טוט מיטן קינד, האָבן מער ניט אויסגעהאַלטן, און ס'האָבן גענומען פֿליען שטיינער אויפֿן פּריץ מיט די סטראַזשניקעס. דער פּריץ האָט אויף גיך אָפּגעטראָגן די ביינער און זיך באַהאַלטן הינטער אַ שטאַל. די סטראַזשניקעס זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די טויקן מיט די שטאַלן, האָבן געכאַפּט די ביקסן און גענומען שיסן אין עולם.

דער געשלעג האָט געדויערט לאַנג. בלוט האָט זיך געגאָסן פֿון פּנימער, פֿון מאָרדעס, אויגן זיינען געווען צעיושעט. אָבער געזיגט האָבן דעם קיסרס משרתים. זיי האָבן אַלע געהאַט ביקסן אין די הענט.

די זיבעציק הויפֿן האָט מען חרוב געמאַכט. די 70 משפּחות, וואָס ביי אַ סך זיינען די מאַנסבילן געווען אויף דער מלחמה, זיינען געבליבן אויף דער גאַס. די גערטנער צעטראָטן, די כּוּדאָבע אַרויסגעטריבן, די שטוב־זאַכן צעבראָכן, צעטראָשטשעט.

לוקיאַן איז צוויי טעג געלעגן אַ פֿאַרטראַגענער. אַז ער איז עטוואָס געקומען צו זיך, האָט שוין די מאַמע אין צווייטן עק דאָרף געהאַט אויפֿגעשטעלט אַ קורין.

דערנאָך...

דערנאָך האָט זיך לוקיאַן אױפֿגעהױבן אַ צענהרגטער, אַ צעװײטיקטער, מיט פֿולע אױגן גאַל, און האָט פֿונדעסטװעגן געהאָלפֿן איבערשלעפּן די געבליבענע זאַכן. ער האָט ניט געקענט אָפּזוכן זײער הויף אויף די האַראַבצעס. נאַקעטע אויוונס, אומעטום צעבראָכענע טויערן. אַ שרפֿה און גאַר. פֿון דער בהמהשער שטאַל פֿון זײערער איז געבליבן שטײן אַ הויכער זשוראַוועל, אַ דאַרער איז ער און אַזוי ווי ער ציט זיך אין זײַן נאַקעטקײט צום הימל.

.6

זומער בין איך געקומען צו לוקיאַנען אין דאָרף אַרײַן. איך האָב געזען זײַן מאַמע, זײַן קורין. געזען דאָרט דעם זיידן או די קלײנע קינדער. לוקיאַן האָט שוין אויסגעזען, אַזוי ווי די ווייטיקן וואָלטן אים אָפּגעגאַנגען. נאָר ער איז געוועזן זײער מאָגער און האָט געכריפּעט. נאָכן עסן האָט מיך לוקיאַן אַוועקגעפֿירט צו די חורבות. דאָס געהילץ איז צעוואָרפֿן איבערן גאַנצן הויף. אַלץ איז צעטראָטן, צעמאָלן. די ווײַנשלבײמער — ביז האַלב־צעבראָכענע. יעדער אָפּגעבראָכענער גליד, יעדער דראָפּ, יעדער ריס אויף די בײמער האָבן מיר געריסן ביים האַרצן. ס׳זײער מאָדנע געווען צו קוקן, ווי אַזוי איין צווײַג הענגט אַראָפּ אַן אָפּגעבראָכענע און אַ פּאַרטריקנטע, ווי אַ טויטער בײַן, און אויף דער אַנדער צווײַג גרינען בלעטער און ס׳גלאַנצן ווײַנשל, ווי טרערן אויף קינדערשע אויגן. ער האָט מיר געוויזן צווישן די צעוואָרפֿענע קלעצער, וואָס זײַנען פֿון דער אײַנוווינקסטער זײַט געקאָלעכט, דאָס בײַשטידל, וואו די לאַסטעווקעס האָבן געהאַט זײער נעסט. די נעסט איז פּונקט געווען גאַנץ און אויסגעבעט אינעווייניק מיט פֿעדערלעך. נאָר די פֿייגעלעך זײַנען שוין דאָרט ניט געווען, און די אײעלעך אויך ניט.

דערנאָך האָט לוקיאַן אַרויסגענומען אַ ביכל פֿון אַ באַהאַלטן אָרט און מיר עפּעס געוויזן. ער האָט אויפֿגעמישט דעם קיסרס בילד און געוויזן, אַז ער האָט אָנגעשריבן פֿון אונטן „קראָוואָפּיעץ” און האָט אים אויסגעשטאָכן די אויגן.

— דאָס האָסטו ?... — פֿרעג איך אים.

— יאָ !... דערפֿאַר, — זאָגט ער, — וואָס ער האָט אונדז צעוואָרפֿן די שטוב. דו מײנסט, זאָגט ער, אַז די סטראַזשניקעס האָבן אונדז צעוואָרפֿן די שטוב ? ס׳איז ער ! די סטראַזשניקעס זײַנען פּראָסטע הינט. וואָס מען הייסט זיי, דאָס פֿאָלגן זיי.

— אָט וועסטו זען, אַז מען וועט גײן צוריק פֿון דער מלחמה און אַלע סאָלדאַטן וועלן נעמען די ביקסן און אָנשטעלן אויף די, וואָס האָבן די סטראַזשניקעס אַהער געשיקט... זיי וועלן שיסן אים... אָ, זעסט ? אים וועלן זיי שיסן ! זײַנע פֿיר מיידלעך און אַלעקסייקען וועלן זיי שיסן, דעם איין־און־איינציקן בן־יחיד זײַנעם, די ווײַב און אַלע בלוטזויגער וועלן זיי שיסן, מיט די גראָבע גענעראַלן און אַלע הינט...

בײַ לוקיאַנען האָבן זיך צעבליצט זײַנע אויגן, זײַן בלייך געזיכט מיט דער דינער דורכזיכטיקער און צעבײלטער הויט האָט זיך נאָך מער אויס־געצויגן.

— דו מײנסט, — זאָגט ער, — אַז מיך אַרט פּאַר אונדזער שטוב? ערשט בעסער, וואָס זיי האָבן אונדז צעוואָרפן די שטוב, ערשט בעסער, וואָס זיי האָבן געשלאָגן די מאַמע.. איצט וועל איך זיי ערשט פײַנט האָבן. איצט וועל איך זיי שוין פײַנט האָבן, ווי ס׳געהער צו זײַן, מיט אַלע „הויכע לײַט״, מיט אַלע פּריצים און זייער טאַטן דעם געלן הונט, צוזאַמען.

און בײַ לוקיאַנען האָבן געציטערט די ליפּן פון אויפגעבראַכטקייט.

---

לוקיאַן האָט געהאַט אַ פעטער, דער מאַמעס אַ ברודער, וואָס האָט אויך געהייסן לוקיאַן. האָט ער ניט געוואָלט גיין אויף דער מלחמה. ער האָט ניט געוואָלט, זאָגט ער, שיסן אין אַזעלכע אַרבעטער, ווי ער איז, נאָר דערפאַר, וואָס זיי זײַנען אַנגעטאָן אין דײַטשישע שינעלן אָדער אין עסט־רײַכישע. האָט מען אָט דעם לוקיאַנען (ער איז געווען אַן אַרבעטער אין אַ גרויסער שטאָט) אַרײַנגעזעצט אין טורמע. פון טורמע איז ער אַנטלאָפן געוואָרן און צוויי וואָכן איז ער איבערגעווען אין בעהוני בײַ לוקיאַנען און זײַן מאַמען, בשעת ס׳איז נאָך געווען זייער שטוב. דענסטמאָל האָט ער זיך, לוקיאַן, פון אים אָנגעהערט אַ סך זאַכן. און איצט פאַרשטיי איך ערשט, פון וואַנען ער ווייסט אַלץ וועגן דעם קיסר, וועגן די פּריצים און וועגן די אַרבעטער, וואָס וועלן אויסקערעווען די ביקסן אויפן קיסר און אויף זײַנע משרתים מיט די גבירים און אַלע בלוטזויגערס.

— דו מײנסט, — האָט ער זיך צו מיר דאַן אָנגערופן, — אַז מ ײ ן טאַטע אָדער ד ײ ן טאַטע וועלן עס אויפטאָן? זיי וועלן אפשר אויך גיין אַקעגן די בלוטזויגערס, נאָר אויפטאָן וועלן עס אַרבעטער פון די גרויסע שטעט. זיי פאַרשטייען עס ווי ס׳געהער צו זײַן. און דערנאָך, נישקשה, וועט שוין קיינער ניט קומען צעוואָרפן אונדזער שטוב. אַ שטוב וועלן מיר האָבן. אַלע, וואָס האָרעווען אַליין אויף זייער ברויט, וועלן האָבן שטיבער...

איך האָב מקנא געווען לוקיאַנען, וואָס ער רעדט אַזוי דרייסט. אַבי איך האָב פריער געמיינט, אַז ער וועט וויינען, ער וועט זיך קלאָגן. אָבער צו קיין דאָקטאָר האָט נאָך אים די מאַמע זײַנע ניט געפירט, וואָס ער איז אַזוי מאָגער און די אויגן גלאַנצן בײַ אים אַזוי, בשעת ער כריפּעט.

אַהיים גייענדיק פון בעהוני קיין סלאָוועשנע, בין איך געגאַנגען און גע־קלערט, געגאַנגען און געקלערט. מיר האָט זיך לעבעדיק פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי דער טאַטע גייט אַהיים פון דער מלחמה, דערנאָך קערעוועט ער זיך אויס און גייט אַוועק מלחמה האַלטן מיטן קיסר אַליין.

און מיר שטעלט זיך פאַר, ווי אַזוי איך גיי צו מיכליען, צו דער כריפּ־

ליוועד, אָפּנעמען אַ בריוו פון טאַטן, און אינעם בריוו שרייבט זיך... סע שרייבט זיך דאָרטן אינעם בריוו אַזוי:

„טייערע ווייב מיינע ליבקע, און מיין טייערער זון בונימקע, לעבן זאָלט איר און זיין געזונט. איך קען אייך שרייבן, אַז דעם קיסר האָבן מיר שוין צעהאַקט אויף דריי פּערטל. נאָך אַ פערטל דאַרפן מיר צעבראָקן. זאָרגט זיך ניט, ס'איז גאָלע טרוך. אַ האַק — און ס'קרישעט זיך אָפּ, אַ האַק — און ס'פאַלט אָפּ. מירן ניט שאַנעווען אויף די ווייב זיינע מיטן „נאָסליעדניק", מיט די מיניסטאָרן און מיט דער גאַנצער סוויטע. דערנאָך וועלן מיר קומען אַהיים און זיך נעמען צו סווינטעצקין מיט זיינע לייט, אויב זיי זיינען זיך נאָך ניט צעלאָפן. אין שטאָט וועלן מיר מאַכן פּאַראַדקעס, נישקשה, אַ ביסל לייטישערע, ווי ס'זיינען געוועזן ביז איצט. לאַוורין וועט אויכעט קומען מיט מיר צוזאַמען..."

אַז איך בין אַריין אין שטוב, איז שוין געווען נאַכט אין דרויסן. די מאַמע האָט געווישט ביים טיש דאָס גלעזל פון לאָמפּ. די ערשטע פראַגע מיינע איז געווען:

— מאַמע, פאַראַן פונעם טאַטן אַ בריוו?... נו, וואָס שרייבט ער.

---

זינט יענעם פאַרנאַכט איז שוין אַוועק זעכצן יאָר. איך בין שוין ניט אין סלאָוועשנע, נאָר אין אַ גרויסער סאָוועטישער שטאָט מיטן נאָמען קיעוו.

אונדזערע טרוימען, ווי קינדערש קליינשטעטלדיק מיר האָבן זיי זיך ניט פאָרגעשטעלט, זיינען זיי דאָך מקוים געוואָרן.

און איצט, איצט האָט אַ בלעטל פונעם קאַלענדאַר מיך אַרויפגעפירט און מיטאַמאָל פאַר מיר לעבעדיק געמאַכט אָט די אַלע זכרונות. דעם 16טן יולי האָאָר רייס איך אַראָפּ אַ בלעטל פון קאַלענדאַר, קער איבער אויף דער לינקער זייט און לייען:

„ווי אַזוי מען האָט צעשאָסן דעם בלוטיקן צאַר ניקאָליי דעם צווייטן".

פאַר מיר איז עס ניט קיין נייס, נאָר איך לייען עס גערן אַ היפּש ביסל מאָל:

„אין יעקאַטערינבורג, איצט סווערדלאָווסק... דער אוראַלער געגנט־קאָמיטעט... איבער די און די סיבות... געמאָלדן זיי די באַשטי־מונג... אין דער זעלבער נאַכט צעשאָסן... ניקאָליי ראָמאַנאָוו, זיין ווייב, זיין זון, פיר טעכטער און פינף נאָענטע קרובים".

דער זון מיט די פיר טעכטער האָבן זיך מיר איינגעשניטן אין זכרון מער ווי אַלע איבעריקע. אַוועלכע זיינען זיי געווען בכלל, און ווי אַזוי האָבן זיי אויסגעזען אין דער לעצטער שעה. צי האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אין זייער געדאַנק אויף איינעם אַ יאַטל מיטן נאָמען לוקיאַן האָראָביי, וואָס האָט אין עלטער פון צען־צוועלף יאָר זיי אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל? ער איז

געוועזן איך ווייס וואו. זיי — איך ווייס וואו. ער — אַ קינד, זיי — קינדער, און ער האָט זיי אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל.

— „אים", — זאָגט ער און ווייזט אויף דעם בילד מיטן געלן בערדל און מיט די אויסגעשטאָכענע אויגן, — אָ, דו זעסט ? „אים" וועלן זיי שיסן. זיינע פיר מיידלעך און אַלעקסייקען, דעם איין־און־איינציקן זון, זיין ווייב וועלן זיי שיסן, און אַלע בלוט־זויגערס וועלן זיי שיסן.

ליבער לוקיאַן, איך וואָלט צו אים געשריבן אַ בריוו איך וואָלט געפּאָרן זיך זען מיט אים. נאָר איך וועל אים אין ערגעץ ניט טרעפן. לוקיאַן האָט אפילו קיין יאָר ניט אוסגעלעבט נאָך די נאַהייקעס מיט די פּויסטן, וואָס דערוואָקסענע תליונישע הענט האָבן געהאָגלט אויף זיין קינדערשן שוואַכן גוף.

לוקיאַן האָט ניט דערלעבט צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן אָט די ענדערונגען, וועלכע ער האָט מיט זיין אויפגעוואַכטער קינדערשער פאַנטאַזיע פאַר מיר דאַן אַזוי דרייסט געמאָלט.

ליבער לוקיאַן, איך האָב דאָ בלויז געוואָלט פאַרצייכענען אויף עטלעכע בלעטלעך דיין ליכטיקן אָנדענק.

# ברידער

## (דער „רב" און דער „סאָלדאַט")

זיי זיינען אינגאַנצן ניט געווען געראָטן איינס אינעם צווייטן, סיידן דאָס, וואָס זיי זיינען ביידע געווען געלע.

ביי זלמנען מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד איז דער גאַנג שטענדיק אַ פּאַמעלעכער, ריידן רעדט ער שטיל בנעימות, כאָטש פון די אויגן קוקט אַרויס אַ קלוגער שמייכל, פונעם שמועס — אַ גלייך־וואָרט.

ביי פּיוויש־בערעלען דערלעבט דאָס בערדעלע קיינמאָל ניט אויס־וואַקסן מער, ווי ער ברויכט עס. דאָס קורצלעך נעזל זעט אויס ווי אַ קיר־פּאַטע. פון די אויגן שפּריצט מיט געלעכטער און זיין גענגעלע הערט מען פאַר אַ ווערסט, פונקט ווי די עטוואָס־הויכלעכע אָפּצאַסן פון זיינע אויס־געפּוצטע שטיוול וואָלטן געווען איינס מיטן טומלדיקן באַלעבאָס מיט זייערן.

ביידע — אי זלמן, אי פּיוויש־בערעלע — זיינען לייבלעכע ברידער. פון איין טאַטן, פון איין מאַמען און ביידע זיינען זיי שוסטער, בני שוסטער און וואוינען אַלע יאָרן אין איין און דעם זעלבן דאָרף.

צו יעדן פון זיי, ווער ס׳פאַרגייט אין שטוב, וועט ניט אַרויס פון דאָרט קיין הונגעריקער. פאַר אַ דורכפאָרער איז דאָרט גרייט אַ נאַכטלעגער און אַ גוט געמיט סיי ביי דעם באַלעבאָס אַליין, סיי ביי דעם גאַנצן הויזגעזינד.

די ברידער זיינען אפילו גרייט מקנא זיין איינער דעם צווייטן אויף אַזאַ געפינס.

נאָר דאָס איז גאָרניט.

אויף אַ דאָרפס־יידן איז עס ניט קיין חידוש.

ביים מנין האָבן זיי זיך געזען אַלע שבת. און אינמיטן וואָך פלעגט פּיוויש־בערעלע ביי יעדער געלעגנהייט זיך אַריינכאַפּן צום עלטערן ברודער. אַמאָל פעלט אים אויס אַ קליינער קאַפּול, אַמאָל לויפט ער פון עפּעס אַ „כאַזאַין", וואָס וואוינט פון יענער זייט הרעבליע, איז ווי אַזוי פאַרלויפט מען ניט אין איינוועגס אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך ביי זלמנען? אַזוי טאַקע נאָר אויף איין פוס, זיך צוזעצן איז ניט די צייט. אַ קוק, אַ זאָג עפּעס און אַוועקגעלאָפן.

אַ זייטיקן וואָלט זיך געקאָנט אויסווייזן, אַז דער גאַנצער כיוון פּיוויש־בערעלעס איז באַשטאַנען אין דריבנען, ער זאָל זיך אַ רייץ טאָן מיטן עלטערן ברודער.

אַט טרעפט ער אים, לאָמיר זאָגן, שטיין שמונה־עשרה אינעם גרויסן טלית־און־תפילין, דאָרט אין זאַלכל לעבן קאַנאַפּע ביי דער שטוביקער מזרח־וואַנט.

דאָ שטעלט אָן פּיוויש־בערעלע זיין פריילעכן בליק, וואָס מיט צע־גאָלדענע וויעס באַקרוינט. זיינע שטעכיקע קורצע וואָנצעלעך צעגייען זיך ווי די פריילעכע נעדעלעך — יעדעס הערעלע באַזונדער.

— קוק אים נאָר אָן, — טוט ער אַ וויז מיטן פינגער, — די סירניצער יידן וויסן גאָרניט וואָס פאַר אַ רב זיי וואָלטן זיך דאָ קאָנען אויסקלייבן.

זלמן שטייט רואיק אויס די שמונה עשרה, ענטפערט פּיוויש־בערעלען אויפן „גוט מאָרגן" און אויב יענער עסט זיך שוין צופיל איין אין די ביינער, קאָן ער אים ענטפערן בלויז מיט איין וואָרט:

— מ־מ־מ, סאָלדאַט — סאָלדאַט!

דוכט זיך, אַז זיי האָבן גאָר קיין אַנדערע נעמען איינס פאַרן צווייטן, ווי רב און סאָלדאַט.

ביידע ברידער באַגייען און באַשוכן אַ גאַנץ דאָרף מיט פּויערים, פּויערטעס, יונגע און אַלטע.

דער ייִנגערער איז אַ ביסל רירעוודיקער ביי דער אַרבעט, דאָס העמערל גייט ביי אים פלינקער. דערפאַר איז זלמן מער צונויפגעוואַקסן מיטן ווערק־שטאַט. ווינטער זעצט ער זיך אַוועק פאַרטאָג ביים גרויסן לאָמפּ און גייט אַוועק שלאָפן אַרום עלף ביינאַכט, ווען די גאַנצע גאָזע ברענט אויס. זומער הויבט זיך ביי אים אָן דער אַרבעטס־טאָג מיטן קילן פרישן קאַיאַר, אַז די בהמה איז נאָך אפילו אין שטאַל ניט געמאָלקן, און זיך אויסגלייכן גלייכט ער זיך אויס ערשט דאַן, ווען בעלקע ברענגט שוין פאַרנאַכט אַריין דאָס אויפגעשוימטע מעלקשעפל מילך. ערשט דאַן גלייכט ער זיך אויס, טוט זיך אַ ציי נאָך לאַנגן טאָג, גייט אַרויס, וואוהין מ׳דאַרף, דערנאָך וואַשט ער די פאַרמוליעטע הענט און שטעלט זיך אַוועק דאַווענען מנחה.

און ס׳בלייבט נאָך צייט אויף אויסצורעדן מיט אַ מענטשן אַ וואָרט, אָפּ־זיצן אַ ביסל אויף דער פריזבע און באַטראַכטן גאָטס וועלט. און דאָס לעבן גייט זיך.

---

אין די סאַמע ערשטע וואָכן, ווען די פינצטערע בורע מיט דער זאַווערוכע האָבן זיך אָנגערוקט אויף אונדזער לאַנד, זיינען זלמנס זין מיטן איידעם, ווי אויך פּיוויש־בערס יאַטן אַוועק זיך איינשטעלן פאַרן פאָטערלאַנד, יעדערער פון דעם פּלאַץ און פּאָסטן, וואו ער האָט זיך צו יענער צייט געפונען.

אַז די סכנה האָט זיך אָנגעהויבן רוקן נעענטער, האָבן ביידע שוסטער געדונגען פורן און אָפּגעשיקט די משפחות אין שטעטל אַריין פאַר 28 קילאָ־מעטער פון דער רודניע און אַליין זיינען זיי געבליבן היטן דאָס ביסל גוטס.

אין לעדערנעם פעקעלע ביי פיוויש־בערן האָבן גענומען וואַקסן נאָדלען. אַרבעט איז נאָך אפילו דאָ, נאָר ער קאָן ניט איינזיצן. ער טוט אַ וואָרף דעם שטיוול מיט פּאַטיהייעץ, דאָס העמערל פליט אָפּ אָן אַ זייט, ער פאַרמאַכט די טיר פון דרויסן אויף דער קליאַמקע און טוט אַ לויף דורך דעם זאַמדיקן דאָרף פאַרביי דעם ברייטן קלויסטער־פּלאַץ. ער כאַפּט אַ שמעק אין דאָרף־ראַט. דאָרט איז איצט כסדר עמעצער דאָ. פון דאָרטן דאַרף מען נאָר איבערשפּאַנען דאָס קליינע בריקל, איז שוין זלמנס נידעריק גאַניקל מיט דער הויז־טיר.

דער ווערקשטאַט זלמנס, ניט געקוקט דערויף, וואָס די גאַנצע שטוב איז איצט ליידיק, שטייט זיך אויף זיין אַלטן אָרט אין קיך אַרום פענצטער.

— נו, רב, וועט איר עפּעס זאָגן?

פיוויש־בערעלע פלעגט אויסשיסן די דאָזיקע עטלעכע ווערטער און זיך אונטערגעבן פריילעכקייט. אָבער אויפן ליידיקן מאָגן גייט קיין טאַנץ ניט.

זלמן טוט אַ טיפן זיפץ. און דאָ האָסטו שוין דעם גאַנצן ענטפער.

אין אמתן, דאָס לעבן האָט זיך שוין אַזוי שיין געווען אויסגעשטעלט. די עלטערע קינדער זיינען שוין געקומען צו אַ וועג. די קלענערע האָבן זיך געלערנט, אַ דאַנק גאָט, ניט אין קיין דחקות, ניט אין קיין נויט, יעדערס לויט זיינע כוחות, לויט זיינע פעיאיקייטן.

פרעגט זיך, צו וואָס דאַרף דער אויבערשטער אויף זיין וועלט שפּינען, עקדישן, שלענג, וועלף און נאָך אַזעלכע ניט־גוטע ווי אַ המן, אַ פּעטליורע, אַ היטלער, ימח שמו זאָל ער ווערן.

נאָר דערווייל לאָזט זלמן אויס דאָס האַרץ צום יינגערן ברודער. למאי האָט ער פאַרגעסן אין יידישקייט, למאי דאַוונט ער ניט.

— מילא די יונגע... זיינען וואָס זיי זיינען זיך, נו, אין זיי מישט ער זיך ניט, זיי לייענען ביכלעך, זיי לערנען, זיי ווייסן זיך זייערס. אָבער דו! קיין עין־הרע אַ סאָלדאַט אין די יאָרן, וואָלט דיך דער גוטער יאָר אַוועק־געכאַפּט, ווען דו מעסט אויף זיך אָן דעם טלית און תפילין אַלע גאַנץ פרי און מאָליעסט זיך אָפּ?

פיוויש־בערעלען איז, דעם אמת געזאָגט ,אַ ביסל געווען אומהיימלעך זיך פאַרקריגן אין אַזאַ צייט מיט גאָט. נאָר די תפילין — זיי אַ בריה און זוך זיי אויף. זיי זיינען אָדער ערגעץ פאַרלייגט, אָדער די ווייב האָט זיי פאַרשלעפּט אין מירניצע צוזאַמען מיט די איבעריקע בעבעכעס.

— נאָ, מאַך אַ ברכה!

פיוויש־בערעלע האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַן אָנגעוואַרעמט גלאָז מיט רויטע יאַגעדעס און פּטור געוואָרן פון איבעריקע רייד.

דאָ אין דאָרף איז עס אַ נאָווינע, מ'דאַרף נאָך זיי גיין אַזש צו די כוטאָרעס.

---

ביידע ווייבער און זלמנס עלטערע טאָכטער האָבן איבערגעגעבן אַ צעטעלע, אַז די קרובים אין שטעטל לאָזן זיי ניט פאָרן צוריק, פאַרקערט, גיכער פון אַלץ וועט זיי אויסקומען זיך לאָזן אינאיינעם קיין קראָסנע, דאָרטן וועלן זיי מסתמא פאַרפאָרן צו די מחותנים — צו משהס שווער און שוויגער...

און איר זאָלט דאָרט זען ווי די צייט וועט ווייזן, ווייל דאָ זיינען נאָר פון אַסקאָלעס אַליין אַ סך מענטשן אַוועק פון דער וועלט.

פּייוויש־בערעלע האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויפן עלטערן ברודער און לאַנג, לאַנג ניט אָפּגעלאָזט, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס געמאָנט ביי אים, פּונקט ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן:

— דו ביסט דאָך, אַז מ׳וויל זאָגן, אַ ביסל אַ רב... נו ,אַדרבה, זאָג...

---

די רידניער יידן האָבן זיך שוין אַלע צעפאָרן. אפילו די פּויערים, די קאָלווירטלער האָבן גענומען קומען אין וואַלד אַריין.

ס׳איז אַ סברא, אַז וואַסילקע קרוטש (אַ גנב שבגנבים) איז אַנטלאָפן פון דער טורמע. ער באַרימט זיך, אַז ער וועט קיינעם ניט טשעפּען, ער מוז נאָר אַריינשטעכן אַ מעסער אין האַרצן סערגעיען, דעם פאָרזיצער פון דאָרפס־ראָט.

אייגנטלעך אין טורמע האָט אים געזעצט ניט סערגיי און ניט קיין אַנדערער דאָ אין דאָרף. מ׳האָט אים געכאַפּט אין סירנעצע מיט אַ גע־גנבעט פערד, און אַהער האָט מען אים שוין מער ניט געבראַכט.

הקיצור ס׳שלעכט.

דו זיצסט ביים ווערקשטאַט און קיינער דאַרף עס איצט ניט. ס׳איז פּונקט ווי דו וואָלסט זיך נאָכגעקרימט פון זיך אַליין. פּשוט אַ מענטש וויל אַליין פאַרטומלען דעם קאָפּ מיט עפּעס.

אין די שטילע גאַנצפריען הערט מען ווי ס׳הודיען עראָפּלאַנען, אַזוי ווי די איינגעגעסענע שמעלן און ס׳נודיעט אַזוי ביים האַרצן, כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן.

דער דאָרף רוקט זיך אין וואַלד אַריין שוין ניט נאָר מיט די קאַסטנס, נאָר אַנדערע אפילו מיט די געזינדער.

אין דאָרפסראָט איז געווען אַן אסיפה, און מ׳האָט באַלד נאָך דעם אַוועק־געטריבן די קאָלווירטישע טשערעדע ערגעץ ווייט. מ׳זאָגט אַז אין טיף ראַסיי.

זיך געדאַרפט אפשר צוטשעפּען צו די הידייעס און אַוועקגיין מיט זיי אינאיינעם.

לאַנגע, זייער לאַנגע טעג.

און דאָס הודיען פון די עראָפּלאַנען סמאָקעט אַזוי ביים האַרצן, אַז איין גאָט זאָל זיך מרחם זיין.

ענדלעך איז דאָ נאָענט דורכגעגאַנגען אַ סך חייל. אונדזערע זיינען דורכגעגאַנגען. ס'איז געוואָרן אַ ביסל היימלעכער, גרינגער אויף דער נשמה. אָבער ניט אויף לאַנג. זיי האָבן זיך דאָ ניט אָפּגעשטעלט.

קרוטשיקן, דערציילט מען, האָט מען ווייטער געפּאַקט און איצט וועט ער שוין מער ניט קומען אַהיים, ניט אינערגעץ. מ'האָט מיט אים קיין לאַנגע מחזקות ניט געמאַכט — טכסיסי מלחמה!

פּיוויש־בערעלע איז ווייטער געקומען צו לויפן. זיינע אַלע רייד זיינען באַשטאַנען פון איין און איינציק קורצן אָפּגעהאַקטן „נו"?

— נו־ע־ע!

— פונדאַנען גיי איך ניט, האָט זלמן געענטפערט, ווי ער וואָלט עמעצן פאַרגעוואָרפן. מ'וואַרפט ניט אַוועק קיין שטוב און אַלץ מיטאַנאַנדער.

— און דער דייטש? — האָט פּיוויש־בערעלע אַרויסגענומען איין קלייניקע טענה, וואָס האָט געוואויגן פאַר הונדערט גרויסע.

זלמן האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער גענומען שטאַמלען.

— כ'וויס?... כ'מיין... ניע טאַק טשאָרט סטראַשני יאַק יעהאָ מאַ־ליויוט. (דער טייוול איז ניט אַזוי שרעקלעך ווי מען מאָלט אים).

---

זלמן איז געשטאַנען אין טלית און תפילין און געדאַוונט. אַ סימן, אַז ס'איז נאָך געווען גאָר פרי. אמת, דאָס דאַוונען איז אים ניט געגאַנגען אויף דער נשמה. דער קאַנט איז שוין געווען אָפּגעקוילעט און ער איז געווען איצט איינער אַליין ווי אַן אינדזל. פּלוצים האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און צוויי מיטליעריקע מיליטערישע זיינען אַריינגעלאָפן (אַנגעפּאַרענע אָדער אָנגעקומענע אין דער שעה פון ערגעץ) משמעות דייטשן. ווער דען אויב ניט זיי? און מיט אַ מינע פון פאַרנומענע פאַרשוינען זיינען זיי צוגעגאַנגען צו זלמנען. איינער האָט אָנגעוויזן, דער אַנדערער האָט אָנגענומען פאַר ביידע רצועות און אָפּגעפירט דעם אויף טויט דערשראָקענעם יידן אין קיך אַריין, אים אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום ברייטן אויוון־וואַנט און אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך ניט אויסקערעווען „זאָנסט מאַכן מיר אינען קאַפּוט"!

זלמן איז שטיל און געהאָרכזאַם געבליבן שטיין אַנטקעגן אויסגעקילטן פון לאַנג געהייצטן אויוון. נאָר ער האָט דערפילט אַ בלייענע שווערקייט אין אַלע אברים. אויך דער טלית און תפילין האָבן אויף אים מאָדנע געדריקט. אין דער זעלבער צייט האָט אים אַרומגענומען אַ גוואַלדיקע פּוסטקייט. גאָט האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן.

אַלע חושים זיינען ביי אים מאָדנע אָפּגעטעמפּט געוואָרן און אַ טונקלקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט און אים פאַרשטאָפּט אַלע רערן, אַלע דינסטע פעדים,

דורך וועלכע ער איז אַלע יאָרן געווען באַהאַפּטן מיט עפּעס העכערס און אײדלערס ווי דאָס געווײנלעכע. איצט זײַנען אים ווי אויף צו־להכעיס גע־קראָכן טמא זאַכן פאַר די אויגן: געפּגרטע פערד, אַרויסגעוואָרפענע גע־דערים, הינטישע מאָרדעס ביז די אויערן אויסגעבאָדענע ביי דער נבילה טיף אין בויך, עפּעס אַלץ געדאַנקען אַזעלכע, וואָס זײַנען פאַרגרוזיניעט גע־וואָרן אין שמוץ, אין קויט, אין קלעפּיקער שטינקעכץ, אין טויט.

די צוויי מלאך־המוותן האָבן זיך מיט עפּעס געעוסקט דאָרט ביי אים אין שטוב. אפשר האָבן זיי שוין אַזוי פרי געגעסן אָנבייסן, אפשר האָבן זיי עפּעס געטיילט צווישן זיך און ניט געקאָנט אײנטיילן. ס׳איז געווען שטיל אין קיך און קיל. ביי זלמנען האָט אפילו באַוויזן אַ קאָך טאָן די בלוט.

היתכן? וואו איז עס פונדעסטוועגן געהערט געוואָרן? ביי מיר אין שטוב, וואו איך בין אויסגעוואַקסן, וואו איך האָב אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן, אויפגעצויגן קינדער און זיי געמאַכט צו לייטן! ניטאָ קיין באַלעבאָס, ניטאָ קיין עלטערס, ניטאָ גאָרניט?

אָבער די פינצטערניש האָט אים ווידער אַרומגעכאַפּט. ער פילט ווי די פיס ברעכן זיך אים אונטער. אָט־אָט לאָזט ער זיך אַרנפּ אויפן דיל...

אַ מאָדנע זאַך: ער ווייסט ניט, ווער ס׳פאַרשוועכט איצט וועמען: ער דעם טלית, צי דער טלית אים?! אַזוי פּלוצים אויסגעליידיקט געוואָרן פון אַלץ דאָס אײדעלע: ניט קיין הייליק וואָרט, ניט קיין דערהויבענער גע־דאַנק.

גאָט פון מײַנע עלטערן, פון אברהמען, פון יצחק, פון יעקב, צי דען איז דײַן ווילן דערביי?

אַ בריאַזג פון גלאָזוואַרג, אַ קלונג פון צעקנאַקטע געפעס האָט אים אויפגעוועקט פון זײַן פאַרשטיינערטקייט. ס׳איז אים דורכגעגאַנגען אַ ציטער איבער אַלע אברים, פון דער פּאָטיליניצע איבערן האַלדז און נאַקן און ביז די שפּיץ טריט.

שוין ניט זײַענדיק ביי זיך אין די הענט, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט אינעם טלית און תפילין, ווי געווען, און איז געבליבן שטיין ביי דער אָפענער טיר פון זײַן קיך... און מאָדנע, זיי האָבן אים ניט געהרגעט, זיי האָבן אים ניט געשאָסן און אפילו קיין אײנס פון די כלים ניט געשליידערט אין קאָפּ אַרײַן.

ביי אים איז אַזוי ווי געווען גרייט אַן אַרויסזאָגונג.

— וואָס זײַנען עס פאַר אַ גענג? וועלכע געזעצן און רעכט האָבן זיי אויף דעם געפונען — ביי יענעם אין שטוב?

נאָר די ווערטער איז ניט מעגלעך געווען אַרויסצוברענגען, ווייל...

ווייל די דאָזיקע צוויי באַשעפענישן זײַנען ניט געווען ענלעך אויף קיין מענטשן, און וואָלט מען זיי כאָטש קאָנען פאַרגלייכן צו לייטישע אָרנטלעכע

בעלי־חיים: אַ פערד, אַ בהמה, אַן עוף... ניין, ניין, אַהער קלעפּט זיך ניט קיין שום ווערטער, ס׳גייט ניט צו.

---

דורך די הויפן און הינטערגעסלעך האָט זיך בערעלע דערלאַנגט צום ברודערס גאָרטן. ער האָט זיך פאַרטאַיעט לעבן דער טויבער שטוב־וואַנט צווישן די טיטשקאָווע פאַסאָליעס און זיך גענומען איינהערן.

ער האָט שוין געוואוסט, אַז אומגעבעטענע געסט רודעווען ביי זלמנען אין שטוב, נאָר צי איז נאָך דאָ אַ זלמן אויף דער וועלט אָדער שוין ניט, דאָס האָט ער זיך ניט געקענט דערוויסן.

עפּעס אַזוי ווי מ׳רוקט דאָרט דאָס מעבל, ווי כלים וואָלטן זיך געבראָכן. ער הערט, דוכט זיך, פון דאָרטן אַ הויכן פרעמדן לשון.

כלבים הינטישע, אַ סך האָבן זיי דאָ אָנגעגרייט, וואָס זיי זיינען געקומען באַלעבאַטעווען? זיך שיין דערלעבט!

נאָר ווי אַזוי דערוויסט מען זיך, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט זלמנען?...

פלוצים האָט זיך אויפגעהויבן עפּעס אַ גערודער, די הויז־טיר האָט זיך ראַשיק צעפראַלט. אַ טופּעריי, אַ הוקעריי.

פּייוויש־בער האָט זיך צוגעטוליעט צום ראָג פון הויז און דערזען.

אייגנטלעך, וואָס זעט ער עס אַזוי נאָענט און אַזוי משונה פאַרענדערט?

ער האָט אַ רייב געטאָן מיט די האַרטע קליינע קולעקעס די אויגן. ער האָט שטאַרק, שטאַרק פאַרביסן די צונג, ער זאָל קיין קול ניט אַרויסלאָזן.

זלמן, דער ברודער זיינער, זלמן מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, איז געוואָרן אַ קאַרליקל, האַלב די גרויס. די באָרד זיינע שיער, שיער וואָס זי ווישט ניט אָפּ די שוועל.

וואַרט, ס׳איז דאָך אָבער ניט קיין קאַרליקל. אַ קאַרליקל גייט אויף צוויי און דאָ גייט עמעצער געראָטן אין זיין ברודער, נאָר אויף אַלע פיר, ווי אַ חיה. און די אויגן! זע, ס׳אַראַ אויגן! זיי וועלן אים, דוכט זיך, באַלד אַרויסקריכן אויף דער פּאָטילניצע.

יאָ, אין יענע יאָרן, ווען ער האָט נאָך געדינט אין סאָלדאַטן, האָט ער אַמאָל געזען אַ צירק. דאָרט האָבן זיך די קונצנמאַכער געבראָכן און געוויזן אַלערליי שטיק. נאָר איצט איז ער, דוכט זיך, ניט אין קיין צירק.

פּייוויש־בערעלע האָט מיטאַמאָל מיט אַ מאָדנער שניידיקער קלאָרקייט דערפילט, אַז ער איז איין ייד אויף אַ גרויסער שטיק וועלט... און זלמן? זלמן רעכנט זיך שוין ניט. זלמן דאָס איז אַ שעה אָדער צוויי מוטשעניבע און אַ נאַסער פלעק אויפן זאַמד. בלויז די נשמה וועט אַוועקגיין אַהין אַרויף צום הימל.

וואָס זשע קומט פאָרט אויס? אַז די דאָזיקע האָבן... אַז זיי פּילן

שוין גאָר קיין עלטערס איבער זיך? און ווי וועט זיין, אויב... אויב איך וועל דערויף ניט איינגיין, וועלן זיי אויף מיר ניט ווערן ברוגז?

געזונטע צווי באַוודורעס. קוטניצעס מיט דר... און טאָמער האָבן זיי ערגעץ אין דער היים ווייבער מיט קינדער?... מאַכט עס אויך ניט אויס, זאָלן זיי דאָרטן וואַיען נאָך זייערע קעפּ!

פּייוויש־בערלען איז געוואָרן הייס. ער זעט שוין פונסניי מיט וויפל יסורים זלמן שטעלט איבער דער ערד די פּאָדערשטע, דערנאָך די הינטער־שטע, און יענע ציען אים די רצועות, ווי מען שלעפּט אַ קליאַטשע פאַר דעם שטריקל. זע נאָר, זע.

פּייוויש־בערעלען איז אַזוי פאַרגאַנגען, אַז ער איז אַליין שיער ניט אַ בעלן געווען זיך אַ וואַרף טאָן אויף אַלע פיר, פאַרהייבן דעם קאָפּ און זיך צעהוילן איבער דעם גאַנצן דרויסן.

— ניעט, בראַט, — האָט ער שטיל אַ מאַך געטאָן צו זיך אַליין, — טאַק, בראַט, ניע גאָדיטסאַ. (אַזוי, ברודער, טויג ניט).

ער האָט זיך אָנגעבויגן און אויסגעקאָלופּעט אין דער פּייכטער מעזשע הויכן גראָז אַ פּאָר שאַרפע שטיינער, האָט זיך בריהש אָנגעצילט אַנטקעגן איינעם פון די מחבלים און אים געטראָפן אין שלייף אַריין, דעם צווייטן — אין דער פּאָטילניצע. ער האָט עס געמאַכט קונציק, ווי אין טאָן אַריין. יאָ, די יינגלשע שטיק קומען נאָך אַמאָל צונויף...

דער ערשטער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אומגעריכט אַראָפּגע־לאָזן צו דער ערד, דער צווייטער האָט געגעבן אַ טאַנץ אונטער, ווי אויף אַ הייסער סקאָוואָראָדע, האָט עפּעס הויך אויסגעשריען און זיך אויך איבערגעקערט.

— אָט אַזוי האָב איך ליב! — פּייוויש־בערעלע האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער גיך. ניטאָ קיינער, קיין זייטיקע עדות, איז אַוודאי גוט. נאָר פאַר־דראָסן האָט אים עפּעס אַנדערש: ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זלמנען און דערזען, ווי יענער איז צוגעפאַלן אויף איין קני און זיך אָנגעשפּאַרט אויף איין עלנבויגן, ווי ער וואָלט אויסגענוצט די מינוט אויף איבערכאַפּן דעם אָטעם, וואָרים דערנאָך וועט מען דאַרפן ווייטער פאָרזעצן די שפּיל.

דאָ איז פּייוויש־בערל אָנגעצונדן געוואָרן:

— רב! — האָט ער מיט אַ צוגעשטיקטער שטים אויסגעשריגן. — אויף וואָס וואַרטסטו נאָך? אַנו, שפּיי זיי אָקאָרשט אָן אין די געפּייגערטע צורות (איןביידע) און לאָמיר זיך גיכער אָפּטראָגן פונדאַנען!

זלמנס אויערן האָבן איצט גאָרניט געהערט. דאָך האָט ער ערגעץ באַגריפן, אַז מען רעדט צו אים אויף יידיש און אַזוי קאָן רעדן בלויז איין פּייוויש־בערל אַליין — דער סאָלדאַט.

הייסט עס, אָנקלייבן אַ מויל מיט שפּייעכץ און שפּייען זיי אין די צורות אַריין (טאָקע בפּועל ממש).

זלמן האָט זיך באַפרייט פונעם טלית, האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעגלייכט און באַטראַכט זיינע פייניקער, די שליחים פון גיהנום. איינער איז געזעסן זייטיק אָנגעשפּאַרט און געגלאָצט מיט צוויי אָפענע אויגן, וואָס האָבן שוין ניט געקוקט אין ערגעץ. דער צווייטער איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויף שעיה־נחומס פּלויט, פון פּאָטילניצע האָט געיושעט בלוט, ווי פון אַ דבר־אחר, און ער האָט געכאָרכלט ווי אַן אָקס ניט קיין דערקוילעטער.

און מאָדנע, אויך ביי זלמנען האָט זיך געבעטן דאָס זעלביקע וואָרט: אַ קוטניצע מיט דר...

---

די וועלדער און די כוטערעס, וואו די וואַניטשער און רודניער מחנות האַלטן זיך אויף, זיינען זלמנען זייער גאָענט און באַקאַנט. די מענטשן, מיט וועלכע ער וואָגלט זיך אַרום, זיינען אויך אייגענע. וואָס דאַרף מען מער — אפילו לייבע דער רודניער און זיינע צוויי קלענערע יאָטן זיינען דאָך אויך פונעם ערשטן טאָג אָן.

פּייוויש־בערל מיטן ביקסל אויף די פּלייצעס, מיטן ברייטן לעדערנעם פּאַיאַס אויפן קורצן רעקל, איז יינגער געוואָרן אפשר אויף צוואַנציק יאָר.

ער וועט דיר דען איינזיצן אויף אַן אָרט? נאָר געלעטעט, נאָר געפלויגן. ס'זיינען אַוועק טעג און אַמאָל אפילו וואָכן, אַז זלמן זעט אים ניט אין די אויגן. לעדער אויף נייעם און ריכטעוועון דאָקאַזשעט מען, וואו מען דאַרף, און זלמן אַרבעט מיטן זעלבן פלייס ווי אין דער היים. ער לאַטעט און נייט אי ווייבערשע, אי מאַנצבילשע.

פּייוויש־בערל, אַז ער האָט אַ פרייע רגע, כאַפּט ער זיך אַראָפּ צו גאַסט. ער איז מכבד דעם ברודער מיט אַ געקאָכטן איי, אַמאָל מיט אַ ווייס פּלעצעלע. ער ווייסט, אַז דער „רב" זיינער באַנוגנט זיך מיט ברויט און מיט וואַסער און עסט ניט פון אַלגעמיינעם קעסל.

פּייוויש־בערל, האָט גענומען אין האַנט אַ שטיקל אויסלענדישן לעדער.

— גוטע פּאָדעשווע, אַ כאָלערע אויף זייערע ביינער.

זלמן פירט דורך מיטן אָל דעם צוגעלאַטעטן פּאָדמעטעק. מאַכט אַ קריץ אַרום און אַרום און פאַרגיט ווי דרך־אגב זיין שטילן און שטענדיקן „וויפל"?

— זיי לאָזן זיך ניט, אַ בראָך צו זייערע קעפּ! דרייצן! דרייצן מכות דעם געפייגערטן טאַטן זייערן אויף יענער וועלט.

זלמן נעמט אַרויס פון זיין זייטיקער באַהאַלטענער קעשענע אַ טעוועלע פון אַן אַלטן ספר, מעקט אויס איין דריי־ציפערדיקע צאָל און שרייבט אָן אַ צווייטע — אויף דרייצן מער.

ער טוט אַ קראַץ מיט דעם קליין שטיקל בליישטיפט די פּאַטילניצע, פאַר־טראַכט זיך אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט עפּעס נאָכגעחשבונט אין געדאַנק, דערנאָך באַהאַלט ער די אַלע פריטשינדאַלן אויף דעם פריערדיקן אָרט און גיט אַ שטילן זיפץ.

— וואָס איז, רבי, — פרעגט פּיוויש־בערל, — וואָס זיפצן מיר עפּעס?

— נו, נו, גיי, גיי, טו עפּעס, — ענטפערט אים זלמן, נאָר ער דערפילט גלייך אויפן אָרט, אַז ער האָט ניט דאָס געזאָגט. ער וויל, ער דאַרף ביז גאָר נויטיק, אַז דער „סאָלדאַט" זאָל נאָך לעבן אים אַ ביסל זיצן, עטוואָס אָפּרוען, ער זאָל דאָ זיין וואָס אָפטער.

וואַנדערנדיק מיט דער מחנה פון איין אָרט צום צווייטן, האָט זלמן די גאַנצע צייט געאַרבעט און ביי דער אַרבעט געטראַכט:

... אויב גאָט וועט וועלן, מען זאָל צו אים דאַווענען, וועט ער פאַר־טרייבן די טומאה פון דער ערד און וועט מאַכן די וועלט צוריק ווי געווען... וואו קאָן ערגעץ זיין עטל מיט אַזעלכע שוואַכע כוחות, וואו זיינען די קינדער? אים, זלמנען, האָבן זיי שוין מסתם לאַנג באַווײנט, און... ווי דער אמת איז, ער וואָלט שוין מן־הסתם לאַנג געווען אַ „קדוש", ווען ניט דער „סאָלדאַט". יענער, קיין עין־הרע, האָט פאַר איין שוואַכן זלמנען געמאַכט זה כפּרתי, זה חליפתי מיט צוויי געזונטע און גראָבע דייטשן... ס'האָט זיך אָנגעהויבן פון צוויי און איצטער גייט שוין, ברוך־השם, די דריטע מאה...

יעדער איבערגעפּעקלטער היטלעריסט איז דאָס זעלבע, וואָס צען גע־ראַטעוועטע פריינט, און ער, דער ברודער זיינער, טוט גוט, וואָס ער מאַכט עס אַליין, ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף יענעם.

און דער שוואָגער? דער שוואָגער דאַרט אינעם ווייטן לאַנד מיט דער גאָלדענער קייט אויף דער ברוסט? ער שטעלט זיך כאָטש פאָר, ווי אַזוי זלמן לעבט דאָ? דער וואַלד איז זיין היים, די ערד זיין געלעגער. אַ בוים איז אָפט דער דאַך איבערן קאָפּ. אַ פּעניאָק — דער ווערקשטאַט... מענטשן באַוואָפנטע מיט פאַרשיידענערליי געווער שווינדלען דורך פאַרביי פון דער ווייט און פון דער נאָענט; אַז מען דערזעט דיך, גיט מען דיר אָפּ אַ גוטן מאָרגן. אָט־אָ פירט איינער דער וואָזניטשיער פאַסטעך פאַר אַ שטריק, וועמען מיינט איר? אַ ביק, אַ בהמה? ניין, ער פירט אַ „צונג". קענטיק, אַ גע־וועזענער עלטסטער. אָט דאָ לעבן זלמנען, האָט ער באַשלאָסן, איינער, זיך צוזעצן אָפּרוען. און יענער, ביי אים בלייבט עס, האָט זיך צעלייגט ווי אַ מידע בהמה. איינער האָט אַ נאָטור זיך אַ ביסל אַ באַרים טאָן, קען זיין, אַז דערפאַר האָט ער זיך דאָ צוגעזעצט.

— בסך־הכל, — דערציילט ער, — איז דעם דאָזיקן געטשקע איינגעפאַלן אונדז אונטערקויפן, מיך און פּעטראָ דעם געלן. ער שטופּט אונדז דעם זייגער, מיר זאָלן אים אָפּלאָזן. גאָט ווייס, צי מיר האָבן אַמאָל געזען אַ זייגער, אָדער

ס׳איז עפּעס אַ באַטרעף אָפּנעמען דעם זייגער, ווען ס׳וועט זיך נאָר פאַרוועלן. אַ שעפּסענער מוח!

זלמן טוט אַ קוק איבער די ברילן און באַטראַכט דעם נפש, וואָס ליגט דאָ ניט ווייט פון אים. אַ מאָדנע זאַך: הענט און פיס שיער ניט ווי ביי אַ מענטשן, נאָר ס׳איז ניטאָ קיין מענטשישער פּרצוף, אַ פאַרשיוועט צורה און סע דאַרשט נאָך בלוט. אַ וואַלדישע חיה, אַז דיר גיט זיך איין דערזען, איז מיט עפּעס טשיקאַווע, און פון דער דאָזיקער קערט דיר צו דער גאַל.

אויף די רייד איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן פּייוויש־בערל. דערזען דעם גאַסט, האָבן ביי אים אַ שפּיל געטאָן די געבליטן. ס׳האָבן זיך ביי אים צעבלאָזן די נאָז־פליגל, די קינבאַקן האָבן געגומען אונטערטאַנצן, די וואָנ־סעלעך האָבן זיך צעשטעלט ווי נאָדלען. אויסער דעם דאָזיקן זמעי זעט ער שוין קיינעם ניט פאַר זיך. נאָר איוואַן האָט אים אָפּגעהאַלטן.

— בערקאָ, — מאַכט ער, — האָב גאָט אין האַרצן, מען דאַרף דאָך אים פירן צום נאַטשאַלניק.

— וועמען, אָט דעם־אָ? — האָט פּייוויש־בערל איבערגעפרעגט.

— אָבער ווער האָט אים דערלויבט דאָ זיצן אָדער ליגן, פאַרוואָס ליגט ער?... אויפשטיין! — האָט ער אויסגעשריען און אים דערלאַנגט מיטן שטיוול אונטער די ריפּן.

יענער האָט אויפגעטאַנצט ניט טויט ניט לעבעדיק.

— שטיין, הונטעוויטש איינער, אין געהאַקטע וואונדן!

— שפּריכן זי דויטש, קאַמעראַד? האָט דער נפש אַ פרעג געטאָן מיט אַ פאַלשער צוגעטויבטער שטים.

פּייוויש־בערלען און זלמנען פלעגט מען זייער אָפט אָננעמען פאַר רוסישע דייטשן. זיי האָבן געוואוסט פון דעם.

— פאַרוואָס עפּעס דויטש, ווי צו דער מאַמען דיינער! —איז פּייוויש־בערל מיטאַמאָל געוואָרן אויפגעמונטערט. — יודע!

פּייוויש־בערל האָט זיך וואוילויונגעריש אויסגעלייגט אויפן גראָז, זיך אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן און באַוויזן מיט די אויגן אויף זלמנען.

— דאָס איז מיין ברודער זלמן, אַן איידעלער ערלעכער ייד; אַז ער זיצט לעבן ווערקשטאָט און נייט, מיינען אַנדערע אויף אים, אַז ער איז אַ שוסטער, צום סוף איז ער אַ רב. אַ רב איבערן גאַנצן מירניצער ראַיאָן. (זלמן האָט שמייכלענדיק ווייטער געגעבן אַ קוק איבער די ברילן).

— און דערפאַר, וואָס איר פאַרגיסט אונדזער בלוט אָן אַ מאָס... אונ־דזער... וועט אייך אָפּגעצאָלט ווערן כפל־כפלים. און דו, קעלעוויאַקע, וועסט עס פאַרזוכן איינער פון די ערשטע.

פּייוויש־בערל האָט זיך פונסניי אָנגעצונדן, די נאָזפליגל האָבן זיך ביי אים צעבלאָזן און ער רופט זיך אָן צו איוואַנען:

— איך בעט דיך, פּיר אים אַוועק פונדאַנען, זאָל ער מיר דאָ ניט פאַרגאַזן די לופט! דו זעסט דען ניט, אַז אַ מענטש אַרבעט?!

— מיר וואַרטן אויף פּעטראָ דעם געלן.

— פּעטראָ, פּעטראָ! פּעטראָ וועט פון דיר אין ערגעץ ניט אַנטלויפן, און אַז ניט קאָן איך מיט דיר גיין.

— נאָ! — האָט איוואַן אַ צי געטאָן פאַרן שטריקל און זיך אָן חשק אויפ־געהויבן פון אָרט.

און זלמן איז ווייטער געבליבן אַליין. ער האָט באַגלייט מיטן בליק צוויי מענטשן, וואָס האָבן געפירט אַן אוממענטש, אַ חיה, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ראַכמאַנער קליאַטשע, ווייל ער פילט, אַז ער וועט שוין באַקומען זיינס צווישן גערעכטע מענטשן, אויף אומבאַזיגבאַרער ערד.

# האַרבסטיקע פרייד

אין האַרבסט צייטיקן ביי אונדז קאַשטאַנעס. ביי זייטן גאַס וואַקסן ביי אונדז לעם שטוב־און־שטוב קאַשטאַנען־ביימער, מיט עטוואָס פאַר־געלטע בלעטער און מיט צייטיקע פרוכטן און זייער שטעכיקע, ווייך אויס־געבעטע פאַנצער־שאָלן.

מישקע, פירע, ליאָווקע, מאַיע, זיאַמקע און נאָך קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם העכסטן קאַשטאַנען־בוים, לעם זייער הויז נומער דרייסיק אויף טאַראַסאָווער גאַס.

איגאָר, דער גרעסטער פון די קינדער, איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים, סאַמע אַרויף:

— טרעס־טרעס־טרעס.

און ס'האָבן זיך גענומען שיטן אויף דער ערד פאַרפאַנצערטע, באַ־הילטע קאַשטאַנעס. פיק אויף דער ערד! און די שאָלן צעשפּאַלטן זיך, ווערן צעשפּרונגען, און דאָס ברוינע אָפּגעפּאָלירטע קאַשטאַנדל דערזעט מיטאַמאָל אַ ליכטיקע וועלט, ס'דערזעט די קינדערשע פּנימלעך און צעשיינט זיך אַנטקעגן זיי און צעגלאַנצט זיך מיט קילער פרייד.

אַך, ווי שיין!

אַך, ווי גוט!

איגאָר טרייסלט אַ פּעטע צווייג, טרעס־טרעס־טרעס.

און די פאַרפאַנצערטע קאַשטאַנעס פיק! פיק! אויף דער ערד. און די שאָלן פּלאַצן, צעעפענען זיך. די קינדערשע אייגעלעך דערזעען די באַ־פרייטע נייאינקע שיינענדיקע קאַשטאַנעס, די הערצעלעך צעקלאַפּן זיך: טיאָך־טיאָך! די חברה לויפן אַרום אַרום בוים, קלייבן, גלעטן, פרייען זיך און קוועלן.

— איגאָר! וואַרט צו!... טרייסל ניט, ביז מירן אויפקלייבן!... אַווגוסטינקען האָט איינער געטראָפן אין קאָפּ! האַ? וואָס? ניין! ס'טוט איר ניט ווי... אַז מירן אויפקלייבן, וועלן מיר דיר אַ געשריי טאָן: — „וויטער".

איגאָר פאָלגט. ער שפּאַרט זיך אָן אינעם שטאַם. ער איז פרייִנט מיט די צווייגן און איז פרייִנט מיט די הענגענדיקע קיילעכדיקע שיידלען, וואָס באַהאַלטן אין זיך אויס אין ווייכן אויסגעבעטעכץ אָט די קילע, גלאַנצנדיקע שיינקייט, וואָס מיר נעמען אָן פולע קעשענעס און וואָס זיי הייסן קאַשטאַנעס.

איגאָר פאַרקוקט זיך. ער זעט, ווי אַזוי די האַרבסטיקע פאַרנאַכטיקע זון צעגלאַנצט זיך אין די פענצטער פונעם אָפּגייענדיקן טראַמוויי. ווי גוט

ס׳איז דאָ זיין אַ שכן ביים בוים, אַ גאַסט אין די אָרעמס פון זיינע צווייגנדיקע הענט און צוקוקן, ווי אָן־אָ, אָן־אָ לויפט אַהער אַ לייכט מאַשינדל, אַן אויטאָ, אין זיינע פענצטער גלאַנצט ווידער וואונדערבאַר די פאַרגייענדיקע זון. אַזעלכעס קען נאָר אין חלום זיין אַזוי שיין, און איצט זעט ער עס מיט זיינע אייגענע אויגן.

— איגאָר!... איגאָר!... — שרייען אויס קינדער, און איגאָר וועקט זיך אויף ווי פון אַ געשמאַקן שלאָף און טרייסלט ווידער.

אַזוי אַ האַלבע שעה און אַ שעה...

עלטערע, וואָס גייען דורך, פאַרקוקן זיך, זיי זיינען מקנא די קינדער אויף דער־אָ שעה, ווער־ניט־ווער דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַמאָל אַליין געווען אַ קינד...

און אָט־אָ, דאָס קליינוואַרג פאַרנעמען זייער גוטס און מען גייט נאָך אַוועק אויף די טרעפּ אינעם דרייסיקסטן נומער אויף טאַראַסאָוור, סאַמע פון אויבן. דאָרט גיט דער גלעזערנער דאַך נאָך געגוג שיין, און די קינדער טראָגן אַרויס אַהער זייערע בענקלעך, שפּיגעלעך, שיסעלעך, שאַפּקעלעך און זיי שפּילן זיך מיט די קאַשטאַנעס אין אַלערליי שפּילן, זיי שפּילן לאַנג, לאַנג, ביז די מאַמעס רופן זיי אַוועק שלעפּערדיקע יעדערן צו זיך אין שטוב: אָוונטברויט עסן, זיך וואַשן און גיין שלאָפן...

אָוונטברויט עסן...
זיך וואַשן,
און גיין שלאָפן.

---

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, איך גיי אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואָס סאַמע אויבן איבער אַלע טרעפּ אונטער דעם גלעזערנעם דאַך. די קינדער שלאָפן נאָך, זיכער, יעדערער אויף זיין געלעגער, און דאָ אין אַ ווינקל ליגן פאַרלאָזן אַ הייפל קאַשטאַנעס, צוגעטריקנטע, און אַראָפּ דער גלאַנץ. מיר טוט פון דער גרינג אַ צופּ ביים האַרצן: שוין? זיך שוין אָפּגעשפּילט און אָפּגעטאַנצט, און דאָס איז אַלץ?

אָבער ניין, אומזיסט מיין שרעק. ס׳איז דאָך נאָך אַזוי פרי, דער טאָג איז גרויס, און דער ווינטער — ווייט. אָט־אָ וועלן באַלד אויפשטיין די קינדער און וועלן אַלץ באַלעבן, אַלץ דערפרייען. קאַשטאַנעס זיינען דאָך דאָ אויף די ביימער געגוג.

וועט זיין פרייד, וועט זיין גלאַנץ,
וועט זיין שפּיל, וועט זיין טאַנץ.

און ס׳וועט נאָך בכלל זיין און זיין אין אונדזער שיינער, רויטער שטאָט קיעוו ביי אַזאַ מין שיינעם, וואונדער־שיינעם האַרבסט.

# באַבי־יאַר

## (צום דריטן יאָרצייט)

29טער סעפּטעמבער. אַ פּאַרכטיקע דאַטע, אויף פּראָסט יידיש — אַ יאָרצייט, דער 3טער יאָרצייט פון באַבי־יאַר.

אויף אַ יאָרצייט פּלעגט מען ביי יידן צינדן ליכט, זאָגן קדיש. נאָר ס'איז נאָך אפשר ניט אויסגעבויט געוואָרן דער זאַל, דער ריזיקער טעמפּל, וואָס זאָל אַריינגעמען אין זיך אַזויפיל פייערן, אַזאַ צאָל אָנגעצונדענע ליכט...

אָבער דאָ רוקט זיך אונטער אַ זייטיקער געדאַנק, וואָס רוימט אונדז איין:

נאַרעלע, עס ברענען דאָך פייערן אויף גרויסע שטחים און אויף ווייטע שטרעקעס! עס ברענען ליכטיק און פּעכיק, עס פלאַמען און עס פלאַקערן דעם שונאס אויסגעפּוצטע שטעט! באַרעכן עס!... נעם עס אָן אויפן חשבון פונעם הייליקן גרויסן יאָרצייט.

הער זיך איין, אפשר הוילן דאָרט דייטשקעס, אפשר פינען דאָרט שרצים־לעך, דער שטאַם פון עס־עס, די גזע פון דיינע פּאַרטיליקער... די ברייט באַקאַנטע גרעטאַ האָט דאָך איידל געגעבן אָנצוהערן איר באַהאַרצטן האַנסן, עס זאָל אים נישט קימערן אויב די העמדלעך, די גאַרניטערלעך, וואָס ער וועט שיקן, וועלן גריילעך זיין איינגעריכט אין בלוט. זי איז אַ געזונטע, אַן אייזערנע באַלעבאָסטע, אַ מיזאַמע פרוי, זי וועט זיך גריינג אַן עצה געבן מיט אַזעלכע קלייניקייטן. און דערום גלוסט זיך נישט, אַז גרעטאַ זאָל מיט־אַמאָל דערהרגעט ווערן פון אַ באָמבע. זאָל זי וואָיען מיט אַן איבערגע־בראָכענעם רוקן, קוקנדיק אויף אירע צעטראָטענע און דערדישעטע שלעגלעך.

ס'איז היינט דער 29סטער סעפּטעמבער.

מענטשן גייען פון אַלע עקן שטאָט צום באַבי־יאַר.

איך האָב טאַקע טיף אין האַרצן זיך פון אָנהייב אָן געבעטן:

— מיינע פריינט, לאָמיר ניט פאָרן אין די טראַמוואַיען. לאָמיר גיין צופוס! לאָמיר בעסער גיין מיט דעם וועג, מיט די גאַסן, וואָס זיינען געווען פול איבער די ברעגן מיט די נאָך לעבעדיקע לייבער פון אונדזערע ברידער. זיי זיינען געגאַנגען פון פּאָדאָל און פון דעמיעווקע. פון קורעניאָווקע און פון שוליאַווקע. גרויס און קליין וואַסילקאָווסקע האָבן פאַררעטעריש אַרויס־געלאָזן פון זייערע הויפן גאַנצע און האַלבע משפחות, יונגע און באַיאָרטע, קליינע קינדער און אַלטע לייט אויף דער לוואָווסקע האָבן זיי זיך צונויפגעגאָסן

ווי אין אַ טייך פון פאַרשניידונג און פון אומקום. זיי זיינען געגאַנגען אָפּ־געגנאַרטע און באַנומענע, געדיכט און צונויפגעטוליעטע, און האָבן אָנגע־פירט אַ פּחד אויף די וואָס האָבן זיי צוגעזען, כאָטש אייניקע פון זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אינעם בעסטן, וואָס מען האָט פאַרמאָגט.

אפשר קענט איר עמעצער די שוועסטער דאַלין? אַלטע, אַלטע קיעווער איינוואוינערינס זיינען זיי געווען, די באַיאָרטע צווי פרויען עמאַ מאַרקאָוונאַ און יעווא מאַרקאָווגאַ.

דערשראָקן און פאַרוואונדערט קוקן זיי זיך אָן איינע די צווייטע... אפשר איז עס נאָך גאָרנישט? אפשר איז דער אומגליק פון בלייבן אין דער היים אָן דעם איינגעזעסענעם ווינקל אויפן פערטן שטאָק, וואו יעדער שטיקל מעבל האָט דערציילט דעם אויג פון פרישן אַריינגייער, אַז דאָ וואוינען עלטערע צווי פרויען פון לאַנג, פון לאַנג וואוינען זיי שוין דאָ, — אפשר וועט דער דאָזיקער אומרעכט דערגיין ביז געוויסע ברעגן נאָר צום נפש האָט דאָס נישט? עס ווערן דאָך געפירט אַזויפיל מענטשן, אַזאַ עם רב! אַ גאַנץ פאָלק!

אָן־אַ זיינען אפילו דאָ באַקאַנטע חשובע מענטשן און אַלערליי. דער ד״ר ריבאַק מיטן ווייב, דער רב פון ניי־שטאָט, און אָן־אַ גייט דאָך אפילו די אַלטע וואַרשאַווטשיכע... וואָס קומט אַרויס אַז זי האָט שוין יאָ געהאַט קינדער און אפילו פיינע קינדער. אָט איז זי דאָך אויך איינע אַליין... ס׳וואָלט געווען גוט זיך אָנרופן צו וועמען פון זיי, נאָר ס׳איז דאָ נישט דער פּלאַץ.

עמאַ מאַרקאָווגאַ און יעווא מאַרקאָווגאַ האָבן קיין גרויסע פּעק נישט געקאָנט אַרויסטראָגן מיט זיך. שוואַכע עלטערע פרויען. ווייכע קלימקעס האָבן זיי פאַרוויקלט צוויי. דעם אַלבאָם מיט די קאַרטעס, נישט פאַרגעסן אַריינלייגן אַהין און די בעכערלעך — די געלע פאַרעלטערטע ירושה־בעכערלעך.

דער מוטערס לייכטער זיינען צו שווער. אפשר איז נישט גוט וואָס זיי זיינען אַזוי געבליבן שטיין אויפן פענצטער אונטערן פאַרהאַנג. וואָס? גע־דאַרפט געווען אפשר אַריינטראָגן זיי צו די קריסטלעכע שכנים, צי בעסער געווען פאַרשטעלן טיף אין שאַפע פון אונטן, טאָקע געדאַרפט... און דאָ, אין איין שורה, איז נאָכגעגאַנגען די קליינע 10־יאָריקע פּערעלע פון 5טן שטאָק. אַ גוט מיידעלע, — דאָס בעסטע קינד אין הויף. נאָר זי האָט זיך געטוליעט און געהאַלטן אין איין צופּאַלן צו דער מאַמעס פיס און זייטן, ווי קיינמאָל, און שטאַרק געשטערט מיט דעם דעם גאַנג, אַזוי געשטערט, אַז כאָטש נעם און שריי אָן אויף איר.

און די מוטער פּערעלעס וואָס איז אַלע יאָרן געווען אַ שעמעוודיקע און אַ שטילע, איז גאָר געווען פריטשמעליעט פון דעם, וואָס זי איז אין דער סאַמע

מיט, צווישן אַזויפיל פאַרנעמע מענטשן. מיט איר נאַטור האָט זי זיך שטענ־דיק געהאַלטן אַן אַ זייט אפילו אין שטוב ביי זיך.

טאָ וואו זיינען געווען אייערע הערצער אין דער־אָ שעה, שוועסטער מיינע, און די טויזנטער קינדער מיינע? די כפּרה זאָל איך זיין פאַר אייך!

...איז אָט פאַרוואָס מיר ווילט זיך עס, אַז מיר זאָלן איצטער, אין דריי יאָר אַרום, גיין אַהין צופוס...

אין די טראַמווייען ווי ליכטיק עס זאָל נישט זיין, איז עפּעס די לופט צו וואָכעדיק, צו פאַרשטיקט און... אַ פרעמד אויג קאָן אַמאָל אומגערן זיך גראָב אָנרירן אָן מיין וואונד. יאָ, גראָב, און עס טוט שרעקלעך וויי, די וואונד איז נישט קיין פאַרהיילטע.

---

קאַרגע 4 יאָר, אַז מען איז נישט געווען אין דער היים. און איצט האָט מען זיך באַגעגנט אַלע אינעם טרויער־טאָג ביי דעם טרויעריקן גאַנג. מען איז זיך צונויפגעפאָרן און צונויפגעקומען פון אַלע עקן לאַנד צו דער באַ־פרייטער היים, און די מאַמע־שטאָט דאַרף אונדז צוטוליען, אָטהיהען און דער־מונטערן. דער וועג איז געווען אַ שווערער און אַ דערנערדיקער, און די צייט פון צעשיידט זיין — פול מיט ביטערניש און פאַרלוסט.

ערגעץ טיף אין געדאַנק טוט זיך אַ דאַכט. אַז יעדערער פון אונדז האָט זיך אַריינגעשלייכט צו זיך אין זיין פאַרלאָזענער נעסט, שטיל, אָן איבעריקן פּאַראַד און אָן פריידיקן געפילדער... מען פאַרשטייט עס, אַז פּעק מיט צרות און קלעמעניש דאַרפן בהדרגהדיק אויסגעלאָדן ווערן. ס'זיינען דאָ געוויסע עוולות פון אייגענע, וואָס דאַרפן נישט צעקלונגען ווערן, וואָס דאַרפן געלייזט ווערן אָן רעש, ווי אַזעלכעס וואָס צווישן אייגענע דאַרף עס בלייבן. אָבער חוץ אַלע זאַכן איז דאָך די מאַמע־היים אַזוי חנעוודיק און ליב (עפּעס אַ קלייניקייט פאַר קיעווער איינוואוינער — קיעוו?). דער מין ריינער הימל, די וואַרעמקייט און די שפע פון האַרבסטיקע קאָלירן, די גאָלדענע בלעטער אויף די ביימער און אויף דער ערד, וואָס זיינען ווי אַ בענקענדיקע גאָלדענע געזעגענונג, אַ ליידנשאַפטלעכער גרוס, אַ פלאַמיקער קוש אין די פּלייצעס דעם אַוועקגעגאַנגענעם זומער! צי דען האָט אויך פאַר די דייטשן די שטאָט אַזוי געשיינט? ס'קאָן נישט זיין! און דער וועג צום באַבי־יאַר מיט דריי אָסיענס צוריק? צי דען איז די זון געל געוואָרן דאָס אַלץ צוזעענדיק?

מיר גייען צום הינטערן שטאָט.

הייפעלעך מענטשן קומען צו פון פאַרשיידענע עק־שטאָטישע געסלעך און מיר דערקענען איינס דאָס צווייטע. די, וואָס וויסן נישט דעם וועג, פרעגן ניט, ווייל זיי זעען שוין, אַז אַלע גייען אַהין.

און פון זון־באַגאָסענעם שליאַך ווערט דער באַשטאַנד אונדזערער קלאָר:

— אַ סך פרויען, ווינציק — מאַנסבילן.

און ס׳איז קיין וואונדער נישט — די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט, כאָטש זי גייט צו ענד. און פאַר אונדז איז דאָס נישט קיין קליינער שטאָלץ וואָס אונדזערע יונגעלייט און בחורים אין די סאָוועטישע שינעלן שלאָגן דעם שונא, יאָגן אים אָן אָן אָפּשטעל.

מענטשן האַלטן זיך צוזאַמען, רעדן ווינציק. און דו קוקסט אויף די געראונצלטע פּנימער אָנן אַז דו זעסט, מיט וויפל יסורים מענטשן זיינען אָנגעזאָפּט, וויפל פּיין היטלער האָט יעדן פון אונדז געבראַכט, פאַרשטייסטו, אַז ביי יעדערן, ווי נאָר דאָס קניפּל וועט זיך אויפבינדן, וועט זיך אַ שאָט געבן פּיין אָן אַ שיעור.

---

וואַרעמע געוויינען דערטראָגן זיך שוין פון גוטן אָרט. דערום ווערן פּנימער פּינצטער און אָנגעשטרענגט. מערער שוואַכע קאָנען זיך נישט גובר זיין און ברעכן אויס מיט אַ קוויטש, מיט אַ שלוכצנדיקן אויסגעשריי. די זאַמדיקע אָפּריסן שיטן זיך פון אונטער אונדזערע פיס און רייסן אונדז מיט אַראָפּ, אַראָפּ.

גרויסע געפלאָכטענע ריוועס, זאַמדיקע גריבעס, קוסטן.

— וואו זיינען מיר?

— אָט דאָ איז עס שוין?!

די קני ברעכן זיך אונטער.

מענטשן זיינען שוין דאָ פאַראַן. פריער פון אונדז געקומענע. נאָר קיין גוטמאָרגן זאָגט מען דאָ נישט. און ווען איינער טוט אַ זאָג על פּי טעות, קריגט ער קיין ענטפער ניט...

אונדזערע הערצער האָבן זיך אָנגעסיליעט אַרום אַ היפּשן פאַרוואַקסענעם שטיק פּלאַץ, וואָס זעט אויס ווי אַ פיר־עקיקער בעכער. אַ כוס, וואָס אויף זיין דעק איז נישט קיין אויסגעטרונקענער וויין, נאָר בלוט וואָס האָט אונטער רעגנס און שניי אָנגעוואָרן זיין קאָליר. דאָרט ליגט אויפגעקנייטשט און פאַר־ברודיקט אַ שטיקל ווייס־ציניג. דאָס איז אַמאָל געווען אַ העמד... אָן־אַ ליגן האָר, וואָס האָבן איבערגעלעבט די, וואָס זיי האָבן אַמאָל באַצירט. און דאָ זיינען זיי עפּעס מוראדיקער פון דעם טויט אַליין... אויסגעריסענע בערד מיט דער הויט אינאיינעם, אַן אַלט היטל...

כמעט אין דער סאַמע מיט, אין צענטער, שטייט אַ ווייכער אויסגע־ריבענער שוך, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין דער לעצטער אומבאַשרייבלעכער רגע, אַ רגע וואָס מיר מיט אייך זיינען ניט אויסגעשטאַנען, און דערום וועט קיין וואָרט אונדזערס ניט זיין אומשטאַנד אויסצומאָלן דעם אויסזען זיינעם, אַ שוך, וואָס אַ געשטרויכלטער פוס האָט זיך מיט אים געשיידט אין דער זעלבער רגע, ווען דער גוף האָט זיך אין קעסל פון מאָרד און געשרייען געזעגנט מיטן לעבן. קיינער נעמט אים ניט פון דאַנען, קיינער רירט אים ניט

פון אָרט, צוזאַמען מיט אַ שטיקל שאַרבן אין צווייטן עק גרוב. אַ שטיק ביין וואָס איז פון איין זייט הויל און פון דער צווייטער באַדעקט מיט פעל און ווילד האָר. ער שטשירעט זיך ווילד צום הימל און מסרט, דער דאָזיקער טייל פון געבענטשטן מענטשן־קערפּער, דער דאָזיקער שליח פון באַבי־יאַר, פון אַ גאַנצער פאַרפייניקטער עדה, פון אַ גאַנצער אין הונדערטער טויזנטער געכפּלטער וועלט. ער מסרט און מאָנט, ער דערלאָזט ניט קיין פּשרות, ער וויל ניט קיין רחמים. אויב ניט, בייסט ער זיך איין מיט זיין נאַקעטער אויסגעשטשירטקייט דיר אַליין אין האַרצן. דיר אַליין, כאָטש דו ביסט אַן אייגענער, כאָטש דו ביסט לייב פון זיין לייב, און בלוט פון זיין בלוט.

אָט שטייען נאָך אַ פּאָר לעבעדיקע עדות. האַלאָוועשקעס געראַטעוועטע פון פייער. זיי דערציילן אַלץ אַזעלכעס, וואָס דער מענטשלעכער מוח איז דאָ נישט פעאיק אַריינצונעמען און דאָס מויל איז נישט אומשטאַנד איבערצוגעבן. נאָר מענטשן שטייען אַרום זיי פון אינדערפרי אָן. אַנדערע קלערן אַז זיי וועלן כאָטש עפּעס באַגרייפן.

אַלע אויגן זיינען רויט פון טרערן, די הערצער — אָנגעהיצט פון געוויין. און מען וואַרט, מען וויל נאָך נישט אַוועקגיין. אפשר וועט עמיצער קומען זיך אָנרופן צום פאָלק מיט אַ וואָרט.

מיין האַרץ וויינט אין אַלע צעלכעלעך, נאָר עפּעס וויס איך אויף געוויס. איך קען עס מעלדן אָפן:

מיינע ברידער און פריינט, מיר פאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, מיר קאַטשען זיך אין אַש, מיר שלאָגן זיך קאָפּ אָן דער וואַנט, מיר ווערן צעגאַנגען אין טרערן. און צי קאָן עס דען אַנדערש זיין. צי קאָן עמיצער קומען און זאָגן אַז ס׳איז צופיל אַזוי זיך קלאַפּן מיטן קאָפּ אין דער וואַנט, אויפן גרויסן בראָך, זיך צעקראַצן דאָס געזיכט מיט די דערנער און שטעכלקעס (וואָס וואַקסן דאָ ביי די זייטן גרוב) ביז בלוט, ביז ווייטיק, ביז גרויס געשריי...

און דאָך, מיינע ליבלעכע פריינט, ווילט זיך מיר איינרוימען יעדן פון אונדז:

— יידן, טייערע ברידער, לאָמיר זיך אויפהויבן פון דער ערד, לאָמיר זיך אַרומטרייסלען פון אַש און אויפשיינען מיט דער גאַנצער ליכטיקייט, וואָס אונדזער פאָלק פאַרמאָגט אין זיך... אַ מענטש, ביי וועמען מ׳האָט אָפּגעריסן אַ פוס אָדער אַ האַנט און אפילו אַ פינגער איינעם, ווערט מיט עפּעס געמינערט און ווינציקער ווי ער איז געווען... נאָר אַ פאָלק... אַ פאָלק, ווען ס׳רייסט זיך אויס אויף אים אַ קלאָג, ווי ס׳איז צו אונדז פאַרגאַנגען, אַ פאָלק, אַז מען פאַרטיליקט אים אויף האַלב, און דריי־פערטל איז ווי אַ טראָפּן וואַסער ווי אַ קיילעכל קוועקזילבער. דו שטשיפּעסט אָפּ פון אים אַ העלפט, נאָר די צווייטע העלפט פאַרקיילעכיקט זיך, פילט זיך אָן און ווערט

צוריק גאַנץ. נאָך מער — די אָפּגעשפּליטערטע זעמדעלעך לויפן זיך צו־נויף, גיסן זיך צוזאַמען, ווערן צונויפגעפּאַרט און באַהעפט צווישן זיך.

לאָמיר זשע אויפשטיין פון דער ערד, לאָמיר זיך אויסגלייכן און טראָגן הויך די פּאָן אונדזערע. פעלקער געניסן נאָך איצטער אויך פון אונדזער ליכט, איר וועט זען, אַז לייט וועלן נאָך אונדז ערלעך האַלטן אויך פאַר אונדזער ערדישער קראַפט.

איך באַגעגן אַ יונגן יידן אויף אַ וויטן ראָג לעם איינער פון די גאַסן וואָס פירן פון באַבי־יאַר. ביי אים אויף די שיך אַ סך געדיכטער שטויב. אין די אויגן — נאָך נישט קיין אָפּגעגאַנגענער צער.

מיר קענען נישט איינס דעם צווייטן, מעגן מיר אפשר שמועסן צווישן זיך. ער זעט מענטשן אויפן ברייטן שליאַך וואָס גייען אונדז אַנטקעגן.

— יידן — זאָגט ער — גייען אויף באַבי־יאַר געגנוג.

— און יידן — ענטפער איך אים — גייען פון באַבי־יאַר, קיין עין־הרע, גאַנץ און געזונט.

ער האָט פאַרשטאַנען מיין מיין.

פאַר דריי יאָרן איז באַבי־יאַר געווען דער אָפּגרונט פון „כל באיה לא ישובון". ווער ס'איז אַהין אַוועק איז שוין צוריק נישט געקומען. שונאים האָבן זיך געפרייט: באַבי־יאַר, די לעצטע אכסניא פונעם יידישן פאָלק, דאָס לעצטע פינטעלע פונעם יידישן וועזן. באַבי־יאַר — דאָס וואָרט מיט וואָס ס'ענדיקט זיך די געשיכטע פון אַ פאָלק. אַזוי האָט דער שונא ביי זיך גע־פועלט צוריק מיט דריי יאָר. און איצט זעען אַלע אַנטקעגן באַבי־יאַר אַ לאַגער וואו געפאַנגענע דייטשן פאַרקען זיך אין זייערע געשווירן, עסן פון זיך די לייז. מיר קוקן אויף זיי מיט עקל, ווי אויף צעפוילטן אָפּוואורף, און ביי זיי קריכן אַרויס די אויגן פאַר קנאה — זיי זעען פאַר זיך מענטשן.

איך זעגן זיך מיט מיין יונגן פריינט און לאָז זיך גיין. איך בין געגנוג מיד און אָפּגעשוואַכט. אָבער כוחות קומען צו. איך שטעל מיר פאַמעלעכע געמאָסטענע טריט, נאָר איך פיל, אַז איך לערן זיך שוין גיין.

דעם 29טן סעפּטעמבער 1944.